בינע און ראַדיאָ אַרטיסטן, רעציטאַטאָרס און פאָר־לייענער וואָס באַנוצן זיך אָדער ווילן זיך באַנוצן מיט דעם מאַטעריאַל פון דעם בוך, זיינען געבעטן דאָס צו טאָן מיט מ י י ן דערלויבעניש און קאָאָפּעראַ־ציע, וואָס איך וועל מיט פאַרגעניגן געבן אין אַלע פאַרדינטספולע פאַלן.

יעקב מאַרינאָוו

באַם אָפּפאַל־קאַן — בילד געצייכנט פון נאָטע קאָזלאָווסקי.
שאַרבלאַט געצייכנט פון שאול ראַסקין.

# פון סערניק

## באַלאַדעס וועגן זיך אַליין

א. מיין ערשטער אויפטריט

ב. איך ווער בר־מצוה, איך ווער א שמיד

ג. אין קוזניע

מיט טיפער ליבע געווידמעט

מיין לעבן־באַגלייטערין

אסתר גיטלען.

## מיין ערשטער אויפטריט

**א.**

חנוכה, די פינפטע־ליכטל־נאַכט,
האָט מיך מיין מוטער אף דער וועלט געבראַכט.

מיר האָט נישט אויסגעזען די וועלט,
ווי איך האָב זי מיר פאָרגעשטעלט:

איז זי מיר נישט געפעלן באַלד,
האָב איך געמאַכט דעם גרויסן גוואַלד

און מיט געפילדער פּראָטעסטירט:
„אוי־אַ! אוי־אַ! איר'ט מיך פאַרפירט!"

איך האָב געשטורמט פון דעם וויג,
און נאָר געשריען: „איך וויל צוריק!"

* * *

געשען איז דאָס אין העק סערניק,
וואָס ליגט באַם טייך און האָט אַ בריק.

סערניק האַלט גרויס זיך אָן אַ שיעור:
ס'האָט פינסק צעלייגט זיך נעבן איר,

## שפּיל און קאַמף

און פּינסק געהערט צו גרויסע שטעט.
און איך, אַ שרייבער, אַ פּאָעט,

האָב נישט געפונען קיין שענער אָרט
פאַר מיין געבורט, ווי נאָר אָט דאָרט.

* * *

איך בין געווען דאָס ניינטע קינד,
אין אונזער גרויסער הויזגעזינט.

געקומען זיינען באַלד נאָך מיר —
גאָר אומגעבעטן — גאַנצע פיר.

סך־הכל — גאַנצע דרייצן שטיק.
פיר כרובים זיינען גלייך פון וויג

אַרויף אין הימל, שטיל און פיין,
געבליבן זיינען וויפל? — ניין!

יאָ, ריכטיק: ניין — געזונט און פריש —
מיט טאַטע־מאַמע — עלף באַם טיש.

* * *

געהאַט אַ ווינט־מיל האָבן מיר
מיט אויסגעשטרעקטע פליגל פיר,

## מיין ערשטער אויפטריט

וואָס האָבן ווי געבעטן ווינט
באַ גאָט, פאַר אונזער הויזגעזינט.

און ווען ס'איז נישט קיין ווינט געווען,
האָט אונדזער טיש קיין ברויט געזען.

ווייל אונדזער גרויסע הויזגעזינט,
האָט, דאַנקען גאָט, געלעבט פון ווינט.

* * *

עס איז געווען אין יענער צייט
אַ „חתונה" באַ „יענע לייט" . . .

צי אפשר ווייל פּאָדראַטשיק קניש,
האָט ליב געהאַט אַן אשת־איש,

צי גאָר פאַר דעם אַפּטייקער'ס זינד —
געקומען איז אַ שטורמווינט,

אַ שפּיל געטאָן זיך מיט סערניק. . .
און פון בית עולם ביז דער בריק,

פון באַרג ביז דעם פּאָטשטאָוון שליאַך,
איז נישט געבליבן גאַנץ קיין דאַך!

# שפּיל און קאַמף

און נישט נאָר דעכער, באַלקנס, ווענט —
געטראָגן ווי פון שדים־הענט —

געפלויגן זיינען אין דער הויך,
דורך דונער, בליץ און אַש און רויך...

און ווען עס איז געוואָרן שטיל,
מיר כאַפּן זיך — נישטאָ די מיל!...

דער שטורם האָט זי אויך פאַרלענדט!
געלאָזן בלויז דעם פונדאַמענט,

וואָס האָט אַף שטומער, שטיינער שפּראַך,
געמאָנט פון הימל, ווענט און דאַך....

און עלף פאַרשוין — געזונט און פריש —
געבליבן זיינען אָן ברויט באַם טיש.

* * *

איך האָב געהאַט אַ גוטן קאָפּ:
געלערנט חומש מיט דעם טראָפּ,

ווען איך בין אַלט געווען זעקס יאָר.
צו צוועלף בין איך אין נביאים קלאָר

# מיין ערשטער אויפטריט

איך קאָן אַף אויסווייניק אַ סך
קאַפּיטלאַך גאַנצע פון תנ"ך.

איך בין אין יוסף'ן פאַרליבט,
איך בין צו אים ווי צוגעקניפּט.

איך טייל מיט אים אין גרוב זיין צער,
און פריי מיך שטאַרק ווען ער ווערט האַר.

ווען פּרעה טוט אים אָן די קרוין,
איז גרויס מיין שמחה — ביז געוויין!

די נביאים האָבן מיך אַנטציקט,
כ'האָב מיט ישעיה'ן זיך געקוויקט.

און שלמה'ס הייליקן געזאַנג,
האָב איך געזונגען שעה'ן לאַנג.

* * *

ווען ס'פלעגט מיך הערן אָרע שיין,
ווי כ'רעד און זינג צו זיך אַליין,

פלעגט ער מיין פאָטער עצה'ן שאַרף:
„דו נעם דעם בחור'ען און וואַרף

## שפּיל און קאַמף

„אין טיפער בוכטע אים אַריין,
פון אים וועט שוין קיין לייט נישט זיין!"

* * *

ער איז געדעכט געווען, רב שיין,
איך גיב דאָס איצטער צו אַליין:

אַוועק זייט דאַן אַ היפּשע צייט
און איך בין אַליך נאָך נישט קיין לייט...

יאַנואַר, 1938



## איך ווער בר־מצוה — איך ווער אַ שמיד

### ב.

כ'איז פרייטאָג־צו־נאַכט. שבת קודש.
איך ליג מיט פיר קלענערע ברידער
אַפן אויוון. מיר שלאָפן אינאייגעם,
צונויפגעמישט גלידער־מיט־גלידער.

אַ ווינטער־נאַכט שלאָפט באַ די פענסטער,
מיט שניי־קישנס אונטער די זייטן,
מיט אונדזער קליין כאַטקע צוקאָפנס,
צופוסנס — די שנייאיקע ווייטן.

עס שלאָפן אין שטוב באַ אונז אַלע,
חוץ איך — דרייצן־יאָריקער אינגל —
און ס'לעמפּעלע צווישן די לייכטער,
וואָס ברענט מיט אַ גילדערנעם צינגל.

איך קוק אַף דעם גאָלדענעם צינגל,
מיט אויגן האַלב צו און האַלב אָפן
און טראַכט וועגן אַלערליי זאַכן,
און טראַכטנדיק קאָן איך נישט שלאָפן.

# שפיל און קאמף

כ׳בין ערשט דאָ בר־מצוה געוואָרן,
אינאיינעם מיט בערעלע מאַכלעס,
איז צייט שוין אַ קלער טאָן מכח
צוקומען צו עפּעס אַ תכלית.

וויל טאַטע — כ׳זאָל זיין אַ בעל מלאכה,
מיין מאַמע — די פרומע און גוטע נשמה —
זי וויל גאָר אַז איך זאָל אַ רב זיין —
א נחת, אַ פרייד, אַ נחמה!

„שיק יאַנקלען אין פינסקער תלמוד תורה!"
בעט מאַמע דעם טאַטן מיט טרערן.
„כ׳זאָל מאַכן פון בחור אַ בטלן?"
וויל טאַטע דערפון גאָר נישט הערן.

איז שעפּסל דער קאָוואַל געקומען,
מיט לאַפּעס ווי אייזערנע צוואַנגען,
און זאָגט צו מיין טאַטן: „ראַב מעיער,
איך וויל אַז איר זאָלט מיר דערלאַנגען

„אַהערצו דעם יאַט אַף דריי יאָרלאַך,
און כ׳לערן אים אויס די האַלאַכעס
פון שמידן קאָבילעס און רעדער,
און מאַכן אי טערפּעס, אי סאָכעס."

איך ווער בר־מצוה, — איך ווער אַ שמיד

דער טאַטע שלאָגט צו און איז מסכּים.
מע מאַכט באַלד מיט מזל אַ שנעפּסל,
און ס'בלייבט, אַז נאָך שבת באַדאַרף איך
זיך יאַוון אין קוזניע, צו שעפּסלען.

* * *

עס שלאָפן אין שטוב בײַ אונז אַלע,
איך ליג מיט די אויגן האַלב אָפן.
עס סטוקען אין קאָפּ מיר די האַמערס
פון קוזניע און לאָזן נישט שלאָפן.

עס סטוקען אין קאָפּ שוין די האמערס...
נאָר שאַ! מיט אַ שפּיץ פון אַן אויער,
פאַרכאַפּ איך אַ שמועס פון אַלקער —
איז ליג איך פאַרטאַיעט און לויער...

„דו שלאָפסט נישט? וואָס שלאָפסטו נישט, לאָה?"
הער איך ווי מיין טאַטע טוט פרעגן,
מיט זאָרג אין זיין שטים, בײַ דער מאַמען
וואָס ליגט אַף אַ בעטל אַנטקעגן.

„עס שלאָפט זיך נישט, מאיר'קע סערדצע,
עס שלאָפט זיך נישט" — ענטפערט די מאַמע —
„די גאַנצע נאַכט טראַכט איך פון יאַנקלע'ן...
עס ווייטאָקט אין האַרץ מיר אין סאַמע...

## שפיל און קאמף

„די גאַנצע נאַכט טראַכט איך פון יאַנקלע׳ן. . . .
אַף דריי יאָר. . . באַ שעפּסלען אין לערע. . .
וואו וועט ער עס נעמען די כחות
צו הייבן די האַמערס, די שווערע? . . .

„היינט וואָס וועט דאָס זיין מיט זיין לערנען?
ווי גראַמט זיך עס קוזניע מיט תורה?
צו מאַכן פון יאַנקלען אַ קאָוואַל —
איז פּשוט פאַר גאָט אַן עבירה!

„עס שטייט פאַר די אויגן מיר יאַנקל,
פאַר׳חושכ׳ט, פאַרגרעבט ווי אַ פויער,
די אויגן פאַרלאָשן. זיין פּנים
באַדעקט איז מיט סאַזשע און טרויער.

„און קומט ער פון קוזניע, פאַרמוטשעט —
און האָט נישט קיין כח צו רעדן,
באַדאַרף ער נאָך ניאַנטשן די שעפּסלאך. . .
אַ דינסט זיין באַ דער שעפּסעלעכן. . .

„איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן, מאיר!
איך פיל ווי עס הייבט מיך אָן גרוילן. . .
אַוועקגעבן יאַנקלען אין קוזניע,
איז נעמען אַ קינד און אים קוילען! . . . ״

## איך ווער בר־מצוה, — איך ווער אַ שמיד

עס ברענגען די ווערטער דער מאַמעס,
מיט מאַמע'שן צער און מיט טרויער,
און טרעפן דעם וועג צו דעם טאַטן
אין האַרץ, דורך דער נאַכט, דורך דער גרויער.

עס ענטפערט דער טאַטע דער מאַמע'ן
געלאסן, אי שטרענגלעך, אי צערטלעך;
ברענגט ראיות פון תלמוד און מדרש,
מיט קלוגע משלים און ווערטלעך.

„געווען, זאָגט ער, גרויסע תנאים
בעלי־מלאכות. דער זייער באַוואוסטער
רב יוחנן הסנדלר, דער תנא,
געווען איז, גאָר פשוט, אַ שוסטער.

„אליאזר בן הורקנוס, האָט נאָדלען
געמאַכט, צו פאַרדינען אַף לעבן.
נאָר וואָס דאַרפסטו מערער? איך וועל גאָר
אַ בעסערן ביישפיל דיר געבן:

„דער תנא רב יצחק הנפחא *)
געווען איז אַ שמיד! האָט דעם בורא
געדינט בעת'ן שמידן אין קוזניע,
און שמידנדיק געלערנט די תורה!

---

*) האַנאַפּכאַ.

# שפיל און קאמף

„און וואָס האָט געפּאַסט פּאַר רב יצחק, —
דאָס וועסטו זיין מודה־ומתודה —
מעג אָנשטיין רב יעקב בן מאיר,
דיין זונדל, אודאי און אודאי!

„און וועט שמידעריי זיינע הענט
און זיין פּנים אַביסל פאַרשוואַרצן,
איז נישט קיין סכנה. דער עיקר:
א איד זיין און האָבן גאָט אין האַרצן.

„טו הער־זשע אויף, לאָה'ניו, זאָרגן;
דו מעגסט אָף נאמנות, באַרוט זיין;
די קוזניע וועט יאַנקלען נישט שאַדן
און אַלץ וועט, אים ירצה השם, גוט זיין."

* * *

די מאַמע האָט מער נישט געענטפערט
דעם טאַטן. זי האָט נישט געפונען
קיין ווערטער אַנטקעגן די טענות,
פון תורה און חכמה געשפּונען.

ס'האָט קוזניע געהאַט אַ נצחון
דאָ, איבער דער הייליקער תורה! . . .
און גרויס איז דער וויטאָג דער מאַמע'ס,
און גרויס איז פאַר גאָט די עבירה!

## איך ווער בר־מצוה, — איך ווער אַ שמיד

די מאַמע האָט מער נישט געענטפערט,
עס האָבן געשטומט אירע ליפּן,
נאָר איך האָב געהערט אַפן אויוון
דעם בראָך פון איר האַרץ און איר כליפּען...

און מיר גיט עס אויך צו די אויגן
אַ שפּאַר צוויי געזאַלצענע טראָפּנס,
און גליטשן זיך איבער די באַקן
אַראָפּ, אַף מיין קישן צוקאָפּנס.

* * *

ס׳איז שטיל. איך דרימל און הער ווי עס פרעיען
די שבת־מאַכלים אין קוימען:
דער טשאָלנט רעדט פון היץ און עס פּלאַפּלט
דער קוגל פון בולבעס און פלוימען.

צי אפשר איז דאָס נישט דער טשאָלנט גאָר,
וואָס פּלאַפּלט אין היץ און אין דרימל,
נאָר ס׳ריידן מלאכים־קוכאַרעס,
וואָס קומען אַרונטער פון הימל

צו זען, אַז די שבת־מאַכלים
אַרויסקומען זאָלן געראָטן?
עס זאָל נישט פאַרברענט זיין דער קוגל,
דער מאָגן נישט צופיל געבראָטן?...

## שפּיל און קאַמף

איך דרימל מיט אָפענע אויגן:
איך זע אַף דער וואַנט פאַר מיר הענגען
„די עקדה”... אברהם נעמט זיין יצחק
און וויל פאַר א קרבן אים ברענגען.

און ס׳פליט אָן א מלאך אַ גוטער —
אַ שליח פון גאָט, דעם גערעכטן —
און כאַפּט אָן די האַנט מיט׳ן חלף
און לאָזט אים נישט יצחק׳ן שעכטן!

בין איך דאָס נישט יצחק, דער קרבן? ...
מיין טאַטע — אברהם? דער גוטער
באַרמהאַרציקער מלאך, וואָס לאָזט מיר
נישט שעכטן — מיין האַרציקע מוטער? ...

נאָר מאַלע וואָס ס׳דוכט זיך אַ אינגל,
וואָס שטייט על פרשת־הדרכים,
און ווייס נישט, צי ס׳פלוידערט דער טשאָלנט,
צי עס ריידן פון הימל מלאכים.

יאַנואַר, 1938

## אין קוזנע

**א.**

דאָס דערפּל נעטשאַטאָוו
באַגריסט אייך ווי באַלד
איר שיילט זיך אַרויס פון
אַ פינסטערן וואַלד.

דערזעט איר אַ קוזניע
פון שליאַך אַ צען טריט,
אין שטייט דאָרט אַ קאָוואַל
אַ יונגער און שמידט.

אַ אידישער בחור —
פאַרפאַליעט, פאַרברענט,
מיט שטאָלענע מוסקעלן,
מיט אייזערנע הענט.

אין איין האַנט אַ האַמער,
אין צווייטער אַ צוואַנג —
ער זעצט אין קאָוואַדלע:
קלינג־קלענג און קלינג־קלאַנג.

## שפיל און קאמף

קלינג־קלענג און קלינג־קלאַנג —
און ס'ליגט שוין אַף ד'ערד
פּאָדקאָוועס אַ באַרג,
פון נעטשאַטאָווער פערד.

קלינג־קלענג און קלינג־קלאַנג,
ציק־צעק און ציק־צאַק:
האַווריל אָ ווּעט האָבן
באַלד פּאַרטיק זיין האַק.

סטעפּאַנקאָ פירט מאָרגן
צום קצב צוויי קי —
זיין ראָד מוז זיין פאַרטיק
אַף מאָרגן גאַנץ פרי.

מיקיטאַ פאָרט היינט נאָך
פאַרקויפן זיין פלאַקס —
מוז היינט נאָך פאַר מיטאָג
זיין פאַרטיק זיין אַקס.

קלינג־קלענג און קלאַנג־קלינג
און ער זינגט אפן קול:
„וואָס שרייסטו, וואָס קרעכצסטו,
דו נאַריש שטיק שטאָל?

## אין קוזניע

„אַ גליקלאַכע דאָליע
איז דיר דאָך באַשערט ! —
וועסט באַלד זיין אַן אַקער,
וועסט אַקערן ערד!

„וועסט אַקערן פעלדער,
וועסט אַרבעטן, טאָן:
נעטשאַטאָוו דאַרף בולבעס
און בעבלאַך און מאָן.

„וועסט שניידן די לאָנקעס
אַזוי ווי אין קרויט:
ס'עט בליען די רעטשקע,
ס'עט וואַקסן דאָס ברויט.

„קלינג־קלענג און קלינג־קלאַנג —
וועסט ברייגען א זול —
טאָ שריי נישט און קרעכץ נישט,
דו נאַריש שטיק שטאָלן!"

ב.

קלינג־קלאַנג און קלינג־קלענג —
ציק־צעק און צאַק־ציק —
נאָר פלוצים בלייבט הענגען
אין לופטן זיין בליק.

## שפיל און קאמף

און פאַלט אַף דעם דעמב אַף
דעם גרינעם, וואָס שטייט
אַריבער'ן וועג, מיט
די צווייגן צעשפּרייט.

דערזעט ער ווי ס'לאָזט זיך
די זון שוין אַראָפּ,
אָט־אָט — און זי קריכט שוין
דעם דעמב אַפן קאָפּ.

איז טוט ער אַ שפּרונג און
אַ טאַנץ און אַ זונג,
ס'ווערט אָפּגעהאַקט פּלוצים
פון האַמער דער קלונג.

ס'איז פרייטיק פאַרנאַכט,
עס איז שבת שוין באַלד,
איז היידאַ אַף שבת
אַהיים, דורך דעם וואַלד.

„איין ווײַלינקע, מאַמע!
איך קום באַלד, איך קום:
אַ שפּרונג און אַ זונג
און איך נעם דיך אַרום

# אין קוזניע

„מיט שמידישע לאַפּעס
אונ קוש דיך געשמאַק
דיינע אויגן די מידע,
דיין שטערן, דיין באַק.

„עס פלאַטערט, אוי, מאמע,
אין האַרץ אַ באַגער
צו זען דיך וואָס גיכער,
צו זען דיך וואָס מער. . .

„איך בענק נאָך דיר, מאַמע! —
ס'איז אפשר נישט שיין. . .
אַזאַ גרויסער בחור —
נאָר ס'בענקט זיך אַליין. . . "

* * *

פון דערפל נעטשאַטאָוו
צום שטעטל סערניק,
פיר שעה בלויז געדויערט
אַהין־און־צוריק.

נאָר דורכגיין דאָרט מוז מען
אַ וועג, וואו עס פאַלט
דער הימל אַראָפּ אַף
אַן אוראַלטן וואַלד.

## שפיל און קאמף

עס וואַקסן דאָרט סאָסנעס
אין הימל אַריין,
און לאָזן נישט פאַלן
די ליכטיקע שיין

פון הימל, אף יענעם
געשלענגלטן וועג,
וואָס שוויבלט און גריבלט
מיט אַלערליי שלעק. . .

דער וואַלד ליגט אף מיילן
אין ברייט און אין לענג,
עס וואָיען דאָרט וועלף און
עס קישען דאָרט שלענג.

און שדים — דאָרט זיינען
גאַנץ אָפטיקע געסט. . .
אַ סברה אַז אַשמדאַי
האָט דאָרט זיין נעסט,

און האָט עס פון דאָרטן
מיט שדים־מוזיק,
אַ שפיל זיך געגעבן
מיט אונזער פערניק. . .

* * *

# אין קוזניע

נאָר דער שמיד האָט נישט מורא
פאַר שדים און שלענג:
ווען ער קומט אין וואַלד, איז
דער וואַלד פאַר זיי ענג.

און ער איז באַוואָקסנט
פון קאָפּ ביז אַראָפּ:
פאַר שלאַנגען — אַ שטאָק מיט
אַ שטאָלענעם קאָפּ;

פאַר שדים — פיר ציצית
און תפילין אַ פּאָר —
עס פליען די שדים
צו אַל־די־שוואַרץ־יאָר,

עס איילן נישט־גוטע
און וויכן פון אים,
ווי באַלד זיי דערהערן
זיין טראָט און זיין שטים.

ער שפּאַנט דורך דעם וואַלד
מיט געהויבענעם קאָפּ
און זינגט שיר־השירים,
מיט האַרץ און מיט טראָפּ.

# שפיל און קאמף

עס פליסן די טענער
פון הייליקן ליד,
עס שווינדן די מיילן
פון אונטער די טריט.

נאָך אַ זונג, נאָך אַ שפּרונג
איבער בלאָטעס און ליים,
און ס'גיט אים אָפּ שלום
זיין אָרעמע היים.

אין טיר שטייט די מאַמע —
עס שטראַלט איר געזיכט —
באַלד־באַלד וועט זי בענטשן
דעם זון און די ליכט.

יאַנואַר, 1938



# דער
# פֿאַרגעסענער מענטש

א. דער פֿארגעסענער מענטש

ב. געווען איז דאָס ווינטער אין אָוונט

ג. אַ ניי־יאָר טאַנץ



„אַ נישט־געוואַשענער, אַ נישט־געגעסענער,
פון גאָט און מענטש פאַרגעסענער,
האָט אין דעם קאַן מיט מיסט און קויט
געזוכט זיין אָונט־ברויט.‟

אויסצוג פון זייט 35

## דער פאַרגעסענער מענטש

(באַלאַדע וועגן אַ הונט)

אַ קאַלטע ווינטער־נאַכט איז דאַן געווען,
ווען איך האָב יענע סצענע צוגעזען.
דער ווייסער נאָרד — האָט ברייט צעעפנט זיינע טויערן
און האָט אַרויסגעיאָגט פון דאָרט אַ בייסנדיקן ווינט,
וואָס האָט ווי טויזנט בייזע הינט
געבילן נאָז און אויערן,
און מיט אַ ברומען מיט אַ ווילדן
געריסן קאַפּעליושן, בערד און שילדן.

איך בין אַרויסגעקומען פון אַ רעסטאָראַן,
און אָפּגייענדיק אַ הונדערט שפּאַן,
האָב איך באַמערקט אַ בלעכן קאַן
מיט אָפּפאַל, בא אַ טויער.
אַ דאַרער הונט, אַ כאָרט, אַ טונקל־גרויער,
מיט בלויז אַ שטיקל אויער,
אַ נישט־געוואַשענער, אַ נישט־געגעסענער,
פון גאָט און מענטש פאַרגעסענער,
האָט אין דער קאַן מיט מיסט און קויט
געזוכט זיין אָוונט־ברויט.

## שפיל און קאַמף

און ווי דער הונט איז דאָ געווען באַשעפּטיקט,
און קענטיק מיט אַ ביסן זיך געקרעפּטיקט,
איז אָנגעקומען פון דער זייט צוגיין
אַ גרוי געשטאַלט פון הויט און ביין,
וואָס איז געווען ענלעך צו אַ מענטשן־חיה,
און מיט אַן ערנסטקייט פון אַ לויה,
האָט ער דעם הונט דערלאַנגט אַ בריק.
דער כלב איז אַוועקגעפאַלן אַף צוריק,
אַוועקגעהונקען מיט אַ ביטערן פּראָטעסט,
פאַרוואָס אַ מענטש פאַרגינט אים ניט זיין הינטיש קעסט!

און דאָ האָב איך געזען אַ בילד,
וואָס האָט מיך קראַנק געמאַכט און ווילד,
וואָס האָט זיך איינגעברענט אין מיין זכרון
און וועט דאָרט ברענען ביז צום סוף פון מיינע יאָרן:

דאָס גרוי געשטאַלט פון הויט און ביין,
וואָס איז געקומען פון אַ זייט צוגיין,
איז צוגעפאַלן צו דער בלעכן כלי
און האָט דעם פלאַץ פון הונט פאַרנומען . . .
געניש טערט דאָרט, אין מיסט און נבלה,
אַ שפּייז פאַר זיין פאַרשמאַכטן גומען.
אַ נישט־געוואַשענער, אַ נישט־געגעסענער,

## דער פאַרגעסענער מענטש

פון גאָט און מענטש פאַרגעסענער,
האָט אין דער קאַן מיט מיסט און קויט
געזוכט זיין אָוונט־ברויט.

ווען הונט האָט דאָס דערזען — האָט ער, פאַרוואָר,
געגעבן זיך אַ שנעלן הויב
און אויפגעשויבערט זיינע ברודנע האָר,
און אפּגעטרייסלט פון זיין פעל דעם שטויב,
און אויפגעשטעלט זיך אין זיין גאַנצער גרויס
און מיט געוואַגטקייט פון אַ לייב,
איז ער צו זיין באַזיגער צוגעהונקען
(דער מענטש האָט קענטיק מיט זיין שטויס
אַ פוס אים אויסגעלונקען)
און אָנגעהויבן וואָרטשן, ברומען, ברילן
און אַף אַ הויכן קול געגנומען בילן
מיט פאָרוואורף און געבעט,
וואָס האָט געהאַט דעם קלונג
ווי גאָר ניט פון אַ שטומער צונג —
עס איז געוועזן ניט געבולן — נאָר ג ע ר ע ד ט!
און ווי איך האָב די סצענע דאָ אַזוי באַטראַכט,
האָט זיך מיר אויסגעדאַכט,
אַז דאָ, אין גרויס־שטאָט, אין אַ ווינטער־נאַכט,
האָט ווידער יענער נס געטראָפן,
וואָס האָט מיט בלעמ'ס אייזל זיך פאַרלאָפן,

# שפיל און קאַמף

אַ שטומע צונג האָט אויפגעהערט צו שטומען —
דער הונט האָט פלוצלונג שפּראַך באַקומען:

— מענטש! מענטש! — וואָלט איך געשוואָרן,
אַז הונט האָט אָנגעפאַנגען מיט פאַרשטיקטן צאָרן:
— מענטש! מענטש! פאַרנעם אַ וואָרט
פון מיר — אַ נאַווענאַדנעם כאַרט!
איך שטעל מיך קודם פאַר דיר פאָר:
איך בין אַ גאַסן־הונט; געבוירן פון אַ פּאָר
גאָר פּראָסטע הינט; מיין מאַמע
געווען איז אַ בלודנע צויג,
(מיין טאַטן האָב איך ניט געקענט).
מיך האָט אַ רייכע דאַמע
נישט אָפּגעהיט ווי ס׳אויג
אין קאָפּ, און ניט געטראָגן אױף די הענט,
און נישט געצערטלט, נישט געגלעט
און נישט געכאָוועט אין איר בעט.

— איך בין א בלודנער הונט געבאָרן,
און ווי אַ הונט א בלודנער האָב איך מיינע יאָרן
פאַרבראַכט אױף סמעטניקעס און הויפן,
וואָס זיינען פּאַקטיש און אין דער טעאָריע
געווען מיין היים, מיין טעריטאָריע,
פון װעלכע איך האָב ניט געדאַרפט אַנטלויפן.

## דער פאַרגעסענער מענטש

ביז דו, מענטש! מענטש! — ביזט אָנגעקומען
און האָסט עס בא מיר צוגענומען!

און דאָ האָט זיך דער הונט צעוואַרעמט,
אָנשטאָט צו ריידן רואיק, האָט ער איצט געליאַרמט;
ער איז געוואָרן פייערלעך און ליריש,
איראָניש און סאַטיריש;
און זיך אַוועקגעלאָזן שאַרפער, העכער,
געברענט ווי פייער־פלאַם,
זיין יעדעס וואָרט געוואָרן איז אַ שטעכער,
געטונקט אין גאַל און סם:

— אָ, דו, מענטש! מענטש! — די קרוין פון דער נאַטור,
דער פּרינץ פון חכמה און קולטור,
פון דעם באַשאַף, דער פאָליטור,
דער פּער פון דער יצירה,
וואָס אַלע חיות דאַרפן זינגען פאַר דיר שירה,
דיין הויכע מענטשלעכקייט צו לויבן —
ווי שעמסט זיך ניט אַ גאַסן־הונט באַרויבן!

— אָ, דו, וואָס פליסט צום הימל, שוועבסט פון אונטן
און טאַפּסט פון ימ'ן אויס די גרונטן,
און וועגסט די שטערן,
און מעסט די ספערן,

# שפיל און קאמף

און רייסט אויס בערג און גלייכסט אויס טאָלן,
און האָסט דעם אוניווערז באַצוואונגען,
און רעדסט שוין מיט עלעקטרישע צונגען,
אַזש פון זאַהאַראַ ביז די פּאָלן —
צי קאָנסטו מיר ניט זאָגן, מאַן,
וואָס טוסטו דאָ, ביים אָפּפאַל קאַן?!

— אָ, דו, וואָס האָסט נאַטור געשפּאַנט אין יאָך,
דיך דינען זיבן טעג אין וואָך,
און שאַפן פאַר דיר שפּייכלערס שפּייז,
און מילך און האָניק טייכנווייז,
און קעלטערס וויין און ים'ן פיש,
און סטאַדעס פליישן פאַר דיין טיש,
און בערג מיט פּירות, הימל־הויך
פאַר דיין גענוס, פאַר דיין געברויך.
„דער טוי פון הימל, דאָס פעט פון דר'ערד" —
דאָס איז דאָך אַלעם דיר באַשערט. . .
ווי קומסטו דאָ, אין מיסט און קויט
צו נישטערן אַ שטיקל ברויט!?

— אָ, דו, וואָס בויסט באַם ברעג פון אייביגקייט דיין האפן,
אָ, דו, וואָס ווייסט פון געטלעכקייט דעם פּשט,
אָ, דו, וואָס איז אַליין אַ גאָט כמעט —
אין גאָט'ס געשטאַלט באַשאַפן —
ווי קומסטו, גאָט כמעט, צו קאָנקורירן דאָ מיט מיר,

אַ בלודנעם הונט, וואָס גייט אָף פיר ? !
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

דאָס גרוי געשטאַלט פון הויט און ביין,
וואָס איז געקומען פון אַ זייט צוגיין,
אַ נישט־געוואַשענער, אַ נישט־געגעסענער,
פון גאָט און מענטש פאַרגעסענער,
האָט קאָנטיק נישט געהערט קיין וואָרט
און נישט געענטפערט אָף די רייד פון כאָרט,
איז שטום און שטאַר געשטאַנען באַ דער בלעכן כלי,
געוויעט זיך אין מיסט און נבלה —
און שפּייז געזוכט פאַר זיין פאַרשמאַכטן גומען. . .
— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — —

דעם הונט האָט צוריק דאָס לשון אָפּגענומען. . .

ווינטער, 1933



## געווען איז דאָס ווינטער, אין אָוונט

געווען איז דאָס ווינטער, אין אָוונט.
אין גאַס האָבן שטורם און שניי
געוואַלצט מיט אַ ווילדער פאַרשייטקייט,
געוויכערט אין ווייסן געדריי,

און האָבן געפּאַטשט אַף מיין פענצטער
מיט אומעט און פראָסטיקן פוך.
איך בין באַ מיין פייער געזעסן,
געבלעטערט נערוועז אין אַ בוך.

איך בין באַ מיין פייער געזעסן,
געבלעטערט נערוועז אין אַ בוך,
געוואַרט אַף חברים, וואָס דאַרפן
באַלד קומען צו מיר אַף באַזוך.

איך בלעטער און קוק אפן זייגער:
ס'איז עלף שוין. ס'איז צוועלף — האַלבע נאַכט!
און קיינער נישטאָ... האָט אין מח
באַ מיר זיך צעשווארצט אַ פאַרדאַכט,

# שפיל און קאַמף

אַז אַלע געטרייע חברים
און ליבע און האַרציקע פריינט —
זיי האָבן מיך אַלע פאַרלאָזן —
אַליין אין מיין איינזאַמען היינט.

און אַלע געליבטע און טרייסטע
פון שיינעם און צאַרטן געשלעכט,
זיי זיינען ווי שטערן פאַרזונקען
אין בלינדע, אין פינצטערע נעכט.

און איך בין אין גרויס־שטאָט געבליבן
פאַרלאָזן, פאַרגעסן, אַליין...
האָב איך מיר גענומען באַטראַכטן,
באַקלערן פון לעבן דעם מ י י ן :

צו וואָס גאָר די גאַנצע קאָמעדיע ?...
עס האָט מער קיין זין נישט, קיין ציל :
כ'איז פוסט דאָס טעאַטער. דער עולם
צעגאַנגען — פאַרענדיק דאָס שפיל !...

באַשלאָסן : זאָל פאַלן דער פאָרהאַנג,
„פיניטאַ" ! — און טאַקע שוין, באַלד !...
ערשט פלוצלונג באַוויזט זיך אַנטקעגן
אַ דאַרע און בלאַסע געשטאַלט

## געווען איז דאָס ווינטער אין אָוונט

און שמייכלט מיט דין־בלויע ליפּן
  און טרייסט מיך: „נישט זאָרג זיך, נישט וויין!
דו קאָנסט מיך? — מיין נאָמען איז: „עלנט" —
  איך וועל דיך נישט לאָזן אַליין."

און ס'האָט אפן שוים מיך גענומען
  די בלאַסע און דאַרע געשטאַלט;
און דריקט מיך צום ביינערנעם בוזים —
  עס ווערט מיר באַלד היים און באַלד קאַלט...

„אָ, עלנט!" — האָב איך אויסגערופן —
  „נישט זיי אַזוי דעמאָנסטראַטיוו!
לאָז אָפּ מיך! איך ווייס שוין, איך ווייס שוין
  ווי ערנסט דו ליבסט מיך, ווי טיף"...

„וואָס שרייסטו, מיין ליבער, וואָס שרייסטו?
  כ'האָב אויך דאָ מיין שוועסטער געבראַכט.
איר נאָמען איז „נ ו י ט" און איר אויסזען
  איז פינסטער און שוואַרץ, ווי די נאַכט.

„מיר גייען כסדר צוזאַמען,
  זי גיט זיך אָן מיר נישט קיין ריר,
באַלד קומט זי אַריין דאָ אין צימער,
  וויל אויך זיך באַקאָנען מיט דיר..."

# שפּיל און קאַמף

און ווי נאָר עס האָבן די ווערטער
פאַרלאָזן איר שמייכלענדיק מויל,
באַלד פלאַטערט אַריין אַ געשטאַלט,
אין אַ מאַנטל אַ שוואַרצן ווי קויל,

און וואַרפט פון איר גוף שנעל אַרונטער
דעם מאַנטל פון שוואַרצן געוועב;
אַ נאַקעטע טוט זי אַ לאָז זיך
צו מיר, מיט אַ טאַנץ און אַ שוועב.

און כאַפּט מיך גלייך האַלדזן און קושן...
איך טרייב זי: „אַוועק גיי! אַוועק!" —
און הענט האָט זי — פּראַקטיקער אייזן! —
איך גליווער פון קעלט און פון שרעק..

„לאָז אָפּ מיך, געשפּענסט אָדער טייפל!
איך ווייס שוין ווי טיף האָסט מיך ליב...
לאָז אָפּ, נויט, דו ביזט מיט דיין ליבע
אַריין מיר אין זיבעטער ריפּ..."

„אָ, שריי נישט אף אונז אַזוי, שריי נישט!
מיר זיינען דיר טריי ביז'ן גרונט;
עס האָבן דיך אַלע פאַרלאָזן,
מיט אונז וועסטו שליסן אַ בונד —

## געוועזן איז דאָס ווינטער אין אָוונט

„אַ דריי־בונד — באַשטימט ווי פון הימל —
אַ דיכטער מיט עלנט און נויט. . .
מיר בלייבן צוזאַמען אין דרייען,
ביז ס'קומט אָן דער פערטער — דער ט ו י ט".

* * *

געוועזן איז דאָס ווינטער אין אָוונט,
ס'איז מיר נאָך ביז איצטער נים קלאָר:
צי דאָס איז אַ חלום געוועזן,
צי דאָס האָט פּאַסירט אַף דער וואָר.

1925.



# אַ ניי־יאָר טאַנץ

(אַ יאָר אַרויס, אַ יאָר אריין! און
חיי — געטאַנצט זאָל זיין!)

כאַ־כאַ־כאַ! און האָ־האָ־האָ!
שלום עליכם און האַלאָ!
כאַ־כאַ־כאַ! און האָ־האָ־האָ!
ס'אַלטע יאָר איז מער נישטאָ.
לאַכט דאָס אַלטע יאָר אַרויס:
„פעטער, גאַייך פון אינדזער הויז!"
לאַכט דאָס נייע יאָר אַריין
מיט געזאַנג, מיט טענץ און וויין.

רונד־ארום און רונד־אַראָד,
שפרינג אַריין אין קאַראַהאָד.
האָפּאַ, האָפּאַ, האָפּאַ, האָפּ!
צו דער סטעליע הויך דיין קאָפּ,
רונד אַרום און, אַ גאַלאָפּ.
כאַ־כאַ־כאַ! און האָ־האָ־האָ!
ס'אַלטע יאָר איז מער נישטאָ
און דאָס נייע לאַכט אַריין:
„ערגער קאָן איך שוין נישט זיין!"

# שפיל און קאמף

כאַ-כאַ-כאַ! און האָ-האָ-האָ!
שלום עליכם און האַלאָ!
צוויי־און־דרייסיק און פאַרביי,
אויפטריט! ניינצען־דרייסיק־דריי!
קום אַהער, שיין אינגעלע,
רעד, באַוועג דיין צינגעלע!
ביזט אַ לינקער? ביזט אַ רעכטער?
ביזט אַ גוטער? ביזט אַ שלעכטער?
ביזט אַ פאַלשער, צי אַן עכטער?
פאָר אַריין, פאָר אריין,
איך באַגריס דיך מיט געלעכטער,
מיט באָקאַלן רויטן ווײַן.
ווער און וואָס דו זאָלסט נישט זיין,
איך וועל וועטן, אַז אזוי
שלעכט ווי ניינצן־דרייסיק־צוויי
קאָנסטו שוין נישט זיין!

כאַ-כאַ-כאַ! און האָ-האָ-האָ!
שלום עליכם און האַלאָ!
רונד־ארום און רונד־אַראָד,
שפרינג אריין אין קאַראַהאָד!
טאַנץ און לאַך און זיי באַגליקט!
וואָס? דיין קעל איז דיר פאַרשטיקט?

# אַ נײַ־יאָר טאַנץ

און דײַן זעל איז דיר צעפּליקט?
און די מרה־שחורה דריקט
אַף דײַן האַרצן, ווי אַ זינד?
פּיעשטשע זיך ניט ווי אַ קינד!
נײַערט, טו זיך פעסט אַ שטעל,
גיב אַליין זיך אַ באַפעל:
קאָפּ אַרויף! ברוסט אַרויס!
מיט אַ פעסטן טראָט פאָראויס!
נישט געצווייפלט, נישט געטראַכט,
גאַרטל אונטער זיך מיט מאַכט,
טרינק זיך אָן מיט נײַעם מוט
און פאַרבײַס אַ ליפּ — ביז בלוט,
מיט'ן רוקן צו דער נאַכט,
וואַרף זיך פון דאָס נײַ אין שלאַכט,
מיט אַן אימפּעט, מיט אַ יאָג,
פאַר אַ יונגן, נײַעם טאָג!

רונד־אַרום און רונד־אַראָד,
שפּרינג אַרײַן אין קאַראַהאָד.
כאַ־כאַ־כאַ! און האָ־האָ־האָ!
ס'אַלטע יאָר איז מער נישטאָ
און דאָס נײַע לאַכט אַרײַן:
„ערגער קאָן איך שוין נישט זײַן!"

# שפיל און קאמף

כאַ־כאַ־כאַ! און האָ־האָ־האָ!
שלום עליכם און האַלאָ!
וואָס־זשע שטייסטו נאָך און טראַכטסט?
נישט דו טאַנצסט און נישט דו לאַכטסט,
ווי געלייכט איז גאָר דיין צונג
און אַ שוואַרצלעך־בלויער רינג,
שוואַרצט אַרום דיין אויג זיך טיף —
ווי געזונקען וואָלט דיין שיף! . . .
קום, מיין קינד, אַהער צו מיר,
איך וועל עפּעס ווייזן דיר:
זעסט, אַ־דורך דעם שוואַרצן נעפּל
גליט אַ קליינטשיק, רויטער קנעפּל? —
באַלד וועט אָט דער רויטער קנעפּל
זיך צעוואַקסן אין אַן עפּל;
נאָכדעם — אין אַ גאָלדן קעפּל
פון א מלאך, און דערפון
וועט אַרויסשפּרינגען אַ זון,
וואָס וועט היילן און דערקוויקן,
וואָס וועט טרייסטן און אַנטציקן
און צעשיקן טויזנט גליקן
אין די היימען און פאַבריקן
צו די אַלע, וועלכע שטריקן,
שאַפן, בויען, וועבן, פליקן,
טריק'נען זומפן, הענגען בריקן!

## א נײ־יאָר טאַנץ

איז געטאַנצט, געלאַכט זאָל װערן
ביז סע לעשן זיך די שטערן,
ביז דער מזרח צינדט זיך אָן
װי אַ פעלד מיט רױטן מאָן.

כאַ־כאַ־כאַ! און האָ־האָ־האָ!
דרײסיק־צװײ איז מער ניטאָ —
קאָפּ אַרויף, ברוסט אַרויס,
מיט אַ פעסטן טראָט פאָראױס!
רונד־אַרום און רונד־אַראָד,
טאַנץ אַרײַן אין קאַראַהאָד —
האָפּאַ, האָפּאַ, האָפּאַ, האָפּ!
צו די שטערן הויך דעם קאָפּ,
כאַ־כאַ־כאַ! און האָ־האָ־האָ!
שלום עליכם און האַלאָ!
צװײ־און־דרײסיק איז פאַרבײַ,
אױפטריט: נײַנצן־דרײסיק־דרײַ!
לאַכט דאָס אַלטע יאָר אַרויס!
„פעטער, גײט פון אינדזער הויז!"
און דעם נײַעם לאַכט אַרײַן:
דער װעט בעסער, בעסער זײַן!

דעצעמבער, 1932

# חרבון אשכנז

א. חורבן אשכנז

ב. אין מיטן נאַכט

ג. צו נאַצילאַנד

ד. די שריפט אַף דער וואַנט

ה. באָיקאָט ! באָיקאָט !

# חורבן אשכנז

פון נאַצילאַנד, וואו ס'דרימלט איצט
הער מיכל אין אַ שטאָלענעם יאַק,
וואו ס'ווערט די פינסטערניש פאַרבליצט
בלויז פון דעם בליאַסק פון תליונ'ס האַק;

פון יענעם לאַנד פון שווערער נאַכט,
פון שרעק און שאַנד און ווינד און וויי,
האָט אונז דער ווינט אַהער געבראַכט
אַ האַלב־פאַרשטיקטן רוף־געשריי:

„פעלקער פון דעם ערד־פּלאַנעט,
הערט מיין תפלה, מיין געבעט! —
רעטעט מיך פון פאַטערלאַנד —
מיין געליבטער היימאַטלאַנד —
ראַטעוועט! אָ, ראַטעוועט!
באַלד וועט זיין צו שפּעט...
ראַטעוועט! אָ, ראַטעוועט!..."

וואָס קוקט איר אים פאַרוואונדערט אָן?
ווי קומט צו אים אַזאַ מין טאָן?

# שפיל און קאמף

ווי פּאַסט זיך גאָר אַזאַ מין ליד
פאַר אים, דעם דייטשן שטאָלצן איד? ! . . .

אָך, גוטע לייט, ניט פרעגט, ניט פרעגט:
אַ נאַצי־שד האָט אויסגעשטרעקט
זיין שדים־האַנט און אין איין טאָג —
אַ טאָג פון גאָט און מענטש פאַרפלוכט —
פאַר'חורבנ'ט אַלעם מיט איין שלאָג:
פאַרלענדט פון טויזנט יאָר זיין פרוכט,
פון טויזנט זומערן דעם שניט —
פון טויזנט פרילינגס אויסגעבליט,
פון טויזנט ווינטערס אויסגעהיט.
פאַרברענט די גאָב פון זון און ערד,
פון גייסט און פלייס און מי באַשערט;
געשענדט זיין גוטן נאָמען: א י ד.

באַגרייפט איר, מענטשן, זיין געמיט?
פאַרשטייט איר שוין אַצינד זיין ליד?

און פרעגט איר מיך: „פאַר וועלכער טאַט?
פאַר וועלכן פינצטערן פאַרראַט?
ווי שווער, ווי שוואַרץ מוז זיין זיין זינד,
וואָס האָט אים אַזאַ שטראָף פאַרדינט! . . .

## חורבן אשכנז

דערצייל איך אייך: (נאָר הערט מיט טאָלק —
ניט וויסן זאָל מען, גאָט, דערפון. . . . )
ער שטאַמט פון דעם נביאים־פאָלק
און ניט פון „נאָבעלן" אַריער הון. . .
אין זיינע אָדערן פליסט דאָס בלוט
פון יענעם אַלטן פעלקער־שטאַם,
וואָס איז אַרויס פון שייטער־פלאַם
און פון דער טיפעניש פון ים,
מיט נייער גבורה, נייעם מוט.

זיין זינד איז שווער, זיין זינד איז שוואַרץ:
דער מענטש פאַרמאָגט אַ צו־גרויס האַרץ,
און צופיל גייסט,
און נאָר ער פלייסט
זיך פאַר זיין פאַטערלאַנד. ער האָט
פאַרטראָגן דייטשלאַנד'ס פאָן
צווישן די פעלקער, אייבן־אָן;
איז דייטשלאַנד'ס אויבער־פּאַטריאָט:
אין נעכט אָן שטערן, אין טעג אָן שיין
געהאַלטן טריי „די וואַכט אַם רהיין."
איר יעדן באַרג און טאָל באַשיצט.
זיין דייטשלאַנד איז אים איינגעקריצט
אין האַרץ פון האַרץ — זיין היימאַטלאַנד! —

## שפּיל און קאַמף

מיט טויזנט פּעדים איז ער אין איר איינגעוועבט!
מיט טויזנט לעבנס אין איר איינגעלעבט;
מיט טויזנט באַנדן צו איר צוגעקניפּט;
מיט טויזנט ליבעס אין איר איינגעליבט!

פאַר דייטשלאַנד׳ס רום, פאַר דייטשלאַנד׳ס כבוד,
האָט ער פאַרבויגן אַלעס, אַלעס. . .
און אָפט, ווען ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט,
(ער שלאָגט זיך איצט פאַר דעם אין ברוסט! . . .)
האָט ער זיין זיידנ׳ס אַלטן טלית
און פאָטער׳ס נייעם מגן דוד
פאַרביטן אף אַ קרייץ. . . און אָפּגעווישט
די גרענעץ צווישן איד און קריסט. . .
און מיט די שכנים פריי זיך אויסגעמישט.
פאַרוואָס דען ניט? — צי פליסט
דען ניט אין אַלע דייטשע אָדערן דיזעלבע בלוט,
געוואַרמט פון דעמזעלבן גאָלדנעם גלוט,
פון דייטשלאַנד׳ס מילדער זון?
צי קילט דען ניט דער שאָטן
פון דעם דייטשן אייכנבוים
די קינדער דייטשלאַנד׳ס אַלע גלייך?
צי שפּינט דען ניט אַ יעדעם האַרץ דעמזעלבן טרוים:
די גלאָריע און אומשטערבלעכקייט פון דייטשן רייך?

* * *

## חורבן אשכנז

אַזוי האָט ער געשוועבט אין חלום־לאַנד, באַגליקט,
פון טרוימען גליקלעכע פאַר'כשופ'ט און פאַרוויגט,
ביז ס'האָט אַ שד זיך הויך ערגעץ צעלאַכט,
און ער האָט פון זיין חלום אויפגעוואַכט
און האָט דערזען — אָ, שרעק! אָ, שאַנד! —
אַ פרעכע, פרעמדע מערדער־האַנט,
האָט אויסגעוואָרצלט אים פון פאָטערלאַנד —
זיין טויזנט־יאָריק היימאַטלאַנד —
און אים געשליידערט אין די ציין
פון אויפגעהעצטן חיה־רעה'שן המון;
אַריינגעשטויסן אים אין אַ געפלעכט
פון נירנבערגער קלאַפער־שלענג, וואָס אָט'מען סם;
געוואָרפן אים אין פייער ים
פון בלינדן האַס, פון בלינדע קנעכט —
אַ געגנשטאַנד פאַר מאָרד און רויב! . . .
און הפקר ווי זאַהאַראַ'ס שטויב,
געבייטשט פון מדבר'ס בלינדן שטורם־ווינד
אין בלינדע נעכט פון מדבר־שרעקן,
איז ער אין פאַטערלאַנד אַצינד. . .

פון גאָר זיין גדולה, רום און מאַכט,
עשירות, תקיפות, גלאַנץ און פראַכט —
דער וואַנדער־שטעקן! —
איז אַלץ וואָס איז אים היינט פאַרבליבן —
דער אַלטער וואַנדער־שטעקן און — אַ בלינדע נאַכט.

* * *

## שפיל און קאמף

און זעט נאָר, גוטע לייט, באַוואונדערט
ווי נײַ דער שטעקן איז, נאָך צענדליקער יאָרהונדערט
פון וואַנדערונג דורך וועלט און לייט! — גאָר גלייך,
ווי פאַטער יאַקאָב וואָלט דעם ירדן־טייך
ערשט היינט מיט אים אַריבער,
ווען ער האָט פון זיין כנען־היים, דער ליבער,
פון שונא׳ס האַנט געמוזט אַנטרינען
קיין פדן אַרם, אַ נייע היימלאַנד צו געפינען.

* * *

אָ, פעלקער פון דער וועלט, פאַרנעמט זיין שטים
און עפנט האַרץ און טיר פאַר אים!
„ראַטעוועט! אָ, ראַטעוועט!
באַלד וועט זיין צו שפעט! . . .״
ער קומט ניט מיט קיין בעטלער־זאַק,
ער קומט בײַ אייך ניט בעטלען מינץ —
ער קומט צו אייך — אַן אַלטער פרינץ
זיך ראַטעווען פון מערדער׳ס האַק! —
און ווי זיין פאָטער יעקב דאַן בײַם ירדן־טייך,
אויך ער טראָגט היינט אין זיינע לענדן אַ קעניגרייך,
פון העלדן און נביאים, פון פאַסטוכער און געטער
פאַר היינט פאַר מאָרגן און פאַר שפעטער.

# אין מיטן נאַכט

(באַלאַדע פון צוויי קאַמעראַדן)

אַ

אין דייטשלאַנד איז דאָ אַ בית עולם
וואו ס'רוען אַ האַלב מיליאָן יונגען —
אַ ביסן פון מאַרס' פעטן מאָלצייט,
וואָס ער האָט אין וועלט־קריג פאַרשלונגען.

דיוויזיעס פון גרוי־ווייסע צלמים
דעם גרויסן בית עולם באַצירן,
צעשטעלט מיליטעריש, אין רייען,
וואָס זיינען ווי גרייט צו מאַרשירן.

איז צווישן די צלמים געפינט איר
צוויי קברים, ווי צוויי גלייכע טראָפּנס;
צוויי קברים פון צוויי קאַמעראַדן,
מיט גרוי־ווייסע צלמים צוקאָפּנס.

איין צלם דערציילט אונז לאַקאָניש:
„עס רוט דאָ יאָהאַן, געפרייטער;"
זיין שכן געהייסן האָט מאָריץ —
דערציילט אונז דער צלם דער צווייטער.

## שפיל און קאמף

ווער איך אייך דערציילן א מעשה,
א מעשה וואָס האָט זיך פאַרלאָפן
מיט מאָריץ און האַנס — די חברים,
וואָס איינס נעבן צווייטן דאָ שלאָפן.

ב

דאָס וויסן אַלע, גרויס און קליין,
דער חכם ווי דער שוטה,
אַז ווי עס קומט נאָך האַלבער נאַכט,
באַלד וואכן אויף די טויטע.

אויף עסן קרעפּלעך עסט זיך צו,
בפרט אין דר׳ערד צו ליגן!
איז טאַקע אָנגעפּאַקט די לופט
מיט מתים — אומבאַשריגן!

מיט מילי־מיליאָסן בר־מננס,
וואָס שוועבן זיך בשלום:
טייל מתים טרייבן פּאָליטיק,
טייל גייען אום צו חלום.

איז אין א שיינער יולי־נאַכט
פון פאַר־אַ־יאָרן זומער,
שטייט אויף יאָהאַן פון גרוב און וועקט
זיין קאַמעראַד פון שלומער:

# אין מיטן נאַכט

„שטיי אויף, שטיי אויף און קום אַרויס
פון וויסטן, ענגען ארון
אף אונזער נאַכטליכן געשוועב,
אין עטער, אין דעם קלאָרן.

„אין סאַמעט איז די נאַכט געקליידט
און שווימט אין שטערן־שימער;
די לבנה, דאַכט מיר, היינט באַנאַכט
איז שענער נאָך ווי אימער.

„מיר שוועבן באַנאַנד ביז היידעלבערג,
דאָן וועלן מיר זיך שיידן:
איך מאַך רעבעקל'כען א וויזיט,
דו גייסט צו חלום — קיידי'ן.

„רעבעקעניו — מיין ליבסטע, אך! —
ז'איז גאָר שווין נישט די זעלבע. . .
א ווייסער קאָפּ, קיין סימן פון
די צעפּ די זוניק־געלבע. . .

„איר גוטע זעל אויף אימער־צו
געבליבן איז צעריסן;
נאָר ווען זי טרוימט פון מיר, דאָס טוט
דאָס לעבן איר פאַרזיסן.

## שפיל און קאמף

„טאַ הויב זיך אויף, דו פוילענצער,
שטיי אויף פון דיין געלעגער!
דיך ציט דאָך צו דיין קיידי'ן אויך,
דו אַלטער פּרויען־יעגער!"

אַ ווייל איז שטיל. דאָס טויטן־פעלד
ליגט שטום אין בלויען שווייגן.
די לבנה קוקט אַרונטער ליב,
פון צווישן בוימער־צווייגן.

באַשפּריצט די קברים פון די צוויי
מיט גאָלד און זילבער פלעקן,
וואָס זי באָרגט אוים מיט פולער האַנט
פון הימל'ס רונדן בעקן.

נאָר באַלד שיסט אוים פון מאָריצ'ס גרוב
אַ שטים אין שטילן אַוועך:
„מיין ליבער האַנס, מיין גוטער האַנס,
מיין לעבנס־לאַגגער חבר!

„ווי גערן וואָלט איך דיך געפּאָלגט —
מיך רייצט דער ריינער אַוועך,
און מיטגעשוועבט אף אַ שפּאַציר,
'שטאט ליגן דאָ אין זשאַווער.

# אין מיטן נאַכט

„דאָך קאָן איך נישט, מיין ליבער האַנס,
פון קבר מער זיך שיידן;
אַליין גיי היינט, מיין קאַמעראַד,
און גרים מיין ליבסטע, קיידי׳ן!״

„וואָס מיינסטו איך זאָל גיין אַליין
און דו׳סט דאָ בלייבן פּאָפן?!
דאָס גייט נישט, מאַריץ! ס׳האָט אַזוינס
ביי אונז נאָך נישט געטראָפן!

„פון קינדערווייז אָן געגאַן באַנאַנד,
איצט הייסט מיר גיין אַליין גאָר!
נישט אַנדערש, מאַריץ, ביזט פאַררוקט;
איך קאָן דיך נישט פאַרשטיין גאָר!

„פאַרוואָס, זאָג, ווילסטו נישט אַרויס
פון קבר אויף דער פריי איצט?
האָט זיך דיין אַלטע וואונד אין האַרץ
געעפנט אויף־דאָס־ניי איצט?״

„די וואונד אין האַרץ, פון שונא׳ס שפּיז,
איז לאַנג פאַרהיילט, איז טרוקן.
איך לייד איצט פון א נייער וואונד,
אַ פרישע וואונד — אין רוקן.״

# שפיל און קאמף

„וואָס רעדסטו פון אַ נייער וואונד,
אַ פרישע וואונד אין רוקן?
ווער איז דער פייגלינג? ער'ט ביי מיר
נישט אָפּשניידן שוין טרוקן!"

„די פרישע וואונד אין רוקן איז
פון פּאַטערלאַנד געשלאָגן...
אַ וואונד אַזאַ, אָ, חבר מיין,
איז נישט צום איבערטראָגן!"

„אַ פרישע וואונד פון פּאַטערלאַנד?
דערציייל, אום הימל'ס ווילן!
וואָס האָט פּאַסירט?.... גענוג זאָל זיין
מיט ווערטער דיר זיך שפּילן!"

„עס איז דערוויזן, ליבער האַנס,
מיט פּאַקטן אומבאַשטריטן,
אז איך, דיין חבר מאָריץ, שטאַם
ארויס פון איזראַעליטן!

„דער „פירער" האָט באַוויזן, אַז
מיין גוטע עלטער־באָבע
האָט נישט געהייסן מאַרגאַרעט,
נאָר — פּאַקטיש — חנה־דאָבע!

## 'אין מיטן נאַכט

„און אַז מיין עלטער־זיידנ'ס ווייב
און באָבע'ס עלטער־זיידע —
איז פעסטגעשטעלט — זיי שטאַמען אָפּ
פון אידן — אַלעביידע!

„בין איך קיין ריינער אַריער ניט,
ווייל אין מיין בלוט פאַראַן איז
א אידישער בלוטסטראָפּן. . . איצט
פאַרשטייסטו שוין, יאָהאַנעס ? . . .

„דאָס ליבע, שיינע פאַטערלאַנד,
וואָס איך פאַרמאָג אצונדערט,
איז די צוויי איילן קבר־לאַנד . . .
און ס'וואָלט מיך נישט געוואונדערט,

„ווען „פירער" נעמט דאָס אויך פון מיר,
ווען איך וועל נישט דערביי זיין,
און לייגט זיך דאָ אַליין אַוועק,
ווען איך וועל אָף דער פריי זיין.

„דאַן בלייב איך אָן אַ פאַטערלאַנד
און פאַטערלאַנד — אָן „פירער" ! . .
ניין, ניין מיין האַנס! כ'קאָן מער נישט זיין
מיט דיר דיין מיטשפּאַצירער!

## שפיל און קאַמף

„שפּאַציר אַליין, מיין ליבער האַנס!
איך מוז אין דר'ערד דאָ ליגן.
דער גאַנצער „דריטער רייך" האָט היינט
דעמזועלבן פאַרגעניגן. . .

„שפּאַציר אַליין, מיין קאַמעראַד,
און לאָז רעבעקע'ן גריסן.
נאָר פאָרזיכטיק! די „געשטאַפּאָ"
זי טאָר דערפון ניט וויסן!

„עס איז אַ גרויסע, גרויסע זינד —
דו מוזט עס חבר וויסן:
צו חלום גיין א אידיש קינד,
דערפאַר קאָן קומען — שיסן!

„פאַר ליבן דיך, אן אריער,
מעג זיין אפילו אין חלום,
וועט אויך דיין ליב רעבעקע'לן
נישט אָפּגיין גלאַט, בשלום.

„ס'וועט פּלוצלונג, אין אַ שיינעם טאָג,
באזוכן זי אַ נאַצי
און זאָגן: „ביטע, קאָמען זי
מיט מיר אין קאָנצענטראַציע"!

# אין מיטן נאכט

„טאָ היט זיך, חבר, ווען דו גייסט
רעבעקע׳ן היינט צו חלום.
עס קישעט נאַצי׳ס פּאַראַדיז
מיט שלאַנגען און טייוואָלים״.

ג

יאָהאַנעס איז געבליבן שטיין,
צעטומלט און צעשמעטערט:
— ער קאָן נישט מער זיין ליבסטע זען? —
די פרוי וואָס ער פאַרגעטערט. . .

ער האָט געמורמלט אין דער שטיל,
געערעדט צום אייג׳נעם שאָטן:
„און איר — צו טרוימען ווען מיר —
אויך דאָס — איז שטרענג פאַרבאָטן? . . .״

זיין גאַנצעס לעבנס-בוך האָט זיך
איצט פּלוצלונג אויפגעבלעטערט. . .
און אין זיין ביינער-ברוסט האָבן צער
און כעס געדונערוועטערט. . .

ד

כ׳האָט לאַנג געווערט, ביז יאָהאַן האָט
צוריק זיין צונג געפונען,
און ס׳האָט זיך ווייטער זיין געשפּרעך
מיט מאָריצ׳ן געשפּונען:

## שפיל און קאַמף

„מיין ליבער חבר! כ׳וועל אָן דיר
פון דאַנען זיך נישט רירן.
איך בלייב מיט דיר, מיין קאַמעראַד
מעג וואָס עס וויל פּאַסירן!

„אין שול, אין הויז, אין ספּאָרט, אין שפּיל —
מיר זיינען דאָך צוזאַמען
געוועזן אימער, אימערצו,
ווי ברידער פון איין מאַמען.

„אין שול, אין שפּיל, אין דער אַרמיי —
און דורך די גיהנום פלאַמען
פון אַלע שלאַכטן באַ ווערדון,
האָבן מיר געקעמפט צוזאַמען.

„צוזאַמען אַלעם דורכגעמאַכט
און האָבן אונזער לעבן
פאַר אונזער ליבן פאַטערלאַנד
צוזאַמען אָפּגעגעבן.

„עס האָט דער סוף אין לעצטער שלאַכט,
אונז ביידן גלייך געטראָפן,
און גוטע הענט אונז האָבן דאָ
געלייגט אין שכנות שלאָפן.

# אין מיטן נאַכט

„יאָ, נישט דאָס לעבן, נישט דער טויט
האָט אונז געקאָנט צעשיידן,
און וואָס מיט איינעם האָט פּאַסירט,
דאָס האָט פּאַסירט מיט ביידן.

„וועל איך דאָ ליגן גלייך מיט דיר,
ביז ס'ענדערן זיך די צייטן,
ביז אין דעם ליבן פאַטערלאַנד
וועט ווערן ווי ביי לייטן!"

און קוים האָט נאָר זיין לעצטעס וואָרט
אין שטילער נאַכט פאַרקלונגען,
איז יאָהאַן אין זיין קבר־גרוב
צוריק אריינגעזונקען.

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

און די לבנה האָט פון הויך
געוועקט ערינערונגען.
און ס'האָט אַ ליד פון ברודערשאַפט,
די שטילע נאַכט געזונגען.

סעפטעמבער, 1934

# שפיל און קאַמף

## צו נאַצילאַנד

(געשריבן ערב דער שרפה אַף
„אידישע ביכער" וואָס די
נאַציס האָבן „געפייערט"
דעם 10־טן מאַי, 1933)

פאַרגעס־זשע ניט, קלוג נאַצילאַנד
פון געבל־גערינג היטלער־שטאַנד:

דעם צענטן טאָג פון חודש מאַי,
אין יאָר פון ניינצן־דרייסיק־דריי,

שטיי אויף גאַנץ פרי און קלייב צונויף
די יודן־ווערק פון יעדן הויף;

פון יעדער שטוב, פון איבעראַל,
א יעדעם בוך, פון יעדן קוואַל;

פון ביבל ביז „דאַס קאַפּיטאַל",
פון אדם, נח, ביז לאַסאַל;

פון ישעיהו דעם פּראָפעט,
ביז איינשטיין׳ס רעלאַטיוויטעט —

## צו נאַצילאַנד

די אַלע, אַלע יודן־ווערק
און וואַרף צוזאַמען זיי אין בערג.

זיי זיינען דאָ פאַרדאַמט א סך,
אין יעדער שריפט, אין יעדער שפּראַך.

אין יעדן איינציקן געביט —
אַ קראַץ אַ דייטש — געפינסט אַ איד!

דער דייטשער אייכנבוים וואָס שטרעקט
זיך שטאָלץ צום הימל, איז באַדעקט

מיט צעדער־צווייגן — גאָר ניט קאַרג —
וואָס שטאַמען פון לבנון־באַרג!

יאַוואָהל, יאַוואָהל, דער יודן־גייסט,
דער האָט דיך לאַנג גענוג געשפּייזט:

פון ערשטן הון און האָטענטאָט,
ביז יוליאוס שטרייכער׳ן — דיין גאָט...

* * *

טאָ הויף צונויף די יודן־ווערק
אין דיינע גאַסן, דיינע מערק,

## שפּיל און קאַמף

באַגים זיי מיט פּעטראָלעאום
און פּויק אין פּויקן: דום־דום־דום!

און מיט אַ סוואַסטיקאַ אין האַנט ,
פאַראורטייל זיי צום פייער־בראַנד.

און ווען זיי זיינען מיט דעם רויך
אַוועק, צעזינג זיך שאַרף און הויך:

„ליב פאָטערלאַנד, מעגסט רואיק זיין,
ביזט איצט פון יודן־איינפלוס ריין!

„פון איבער־שלעזיען ביז דעם רהיין,
איז אַלעם היטלעריש און פיין!"

* * *

יאָ, הויף צונויף די יודן־ווערק
אַף דיינע סקווערן, דיינע מערק,

באגים זיי מיט פּעטראָלעאום,
דער פּויק ווען פּויקן: דום־דום־דום!

נאָר נישט פאַרזען און נישט פאַרקוקט
קיין איינציק יודן־גייסט־פּראָדוקט !

פּאַס אויף! עס זאָל אויך זיין פאַרברענט
דער אַלטער־נייער טעסטאַמענט ,

# צו נאַצילאַנד

דען האַקענקרייצער, שמאַך און פלוך! —
דאָס איזט דאָך אויך איין יודיש בוך!

און ווען סע האָט דער שייטער־פלאַם
פאַרצערט דעם יודן־ביכער־יים

און בלייבסט נאָר מיט די מייסטערווערק
פון געבל, היטלער, הוגענבערג —

דערקלער פאַרטיליקונגס־באַיקאָט
דעם סטאַליאַר׳ס זון, דיין ליבן גאָט:

דען נישט פון „הון" זיין יחוס שטאַמט,
נאָר פון די יודן — גאָט פאַרדאַמט! . . .

און דאַן אין אַלע גלעקער קלינג
און פאַטריאָטיש שפּרינג און זינג:

„העיל היטלער, היטלער איבעראַל,
דער „פירער" איזט דאָך קאָלאָסאַל!

„דער „פירער" פירט אונז פון דעם רהיין,
צוריק, צוריק, אין וואַלד אַריין" ! . . .

## שפיל און קאמף

# די שריפט אויף דער וואַנט

מנא, מנא תקל ופרסין. (דניאל, ה׳)

דייטשלאַנד! —

שטיי אויף פון דיין דיקטאַטאָר׳ס רוט,
און לעז די שריפט פון פייער און פון בלוט,
וואָס צוקט און פלאַקערט אף דער שוואַרצער וואַנט,
וואָס ע ר האָט אויפגעשטעלט אַרום דיין פאָטערלאַנד.

דייטשלאַנד! —

לעג צו דיין שטאָלן־העלם־קאָפּ
און לעז די שאַרפע עברי מיט שטרענגן טראָפּ
און ווייס: דאָס שרייבט געשיכטע׳ס שטאַרקע האַנט,
געפירט מיט משפט, דין און — געטלעכן פאַרשטאַנד,
די האַנט, וואָס וועגט און מעסט מיט חשבון און מיט מאָס,
די מעשים פון אַ לאַנד, ווען ס׳ווערט שוין פול דער כוס,
און טיילט די שלעק און ציילט די טעג
פון פאָלק, וואָס איז אַראָפּ פון גלייכן וועג.

# די שריפט אף דער וואַנט

דייטשלאַנד! —

באַטראַכט דעם מאָרגן פון אַ היטלערלאַנד! —
דו זעסט ווי שוואַרצער פייער לעקט דיין הימל־ראַנד?
דאָס שוואַרצט זיך אויס פאַר דיר אַ טאָג פון ווי און שאַנד,
„ד ע ר  ט אָ ג", וואָס וועט פאַרשוואַרצן דיר דיין „פּלאַץ
אונטער דער זון"
און וועט פאַרשלעפּן דיך צוריק אין וואַלד — צום ה ו ן!..
וועסט צווישן אַלע פעלקער זיין אַליין.
און פון די קוימענס דיינע וועט קיין רויך ניט גיין.
און דיינע שיפן וועלן שטומע אין די האַפנס שטיין.
אף דיין קאָמערץ און אינדוסטריע מאַשין
וועט וועבן איר געוועב דעם חרם'ס שוואַרצע שפּין.
דיין יונגער דור, דערצויגן אף אַ פולווער־פאַס,
געשפּייזט מיט „רויטן"־כעס און אידן־האַס,
געזויגן זאַט פון נאַצי־מכשפות בריסט —
וואַקסט אויף ווי קראַפּיווע אף מיסט;
ווי „איווי" אף אַ פעלד אַ וויסט:
אָן קראַפט, אָן האַפט, אָן זאַפט, אָן טעם,
אָן בלי, אָן פרוכט, אָן צווייג, אָן שטאַם —
אַ פלאַנץ, וואָס האָט נאָר איין זאַך — ס ם!

דייטשלאַנד! —

שטיי אויף פון אונטער דיין דיקטאַטאָר'ס קנוט
און לעז די שריפט פון פייער און פון בלוט,

## שפיל און קאמף

וואָס צוקט און פלאַקערט אַף דער שוואַרצער וואַנט,
וואָס ע ר האָט אויפגעשטעלט אַרום דיין פאָטערלאַנד,
און קער צוריק פון וויסטן וועג אַוואו דו גייסט אַצינד —
דער וועג פון שאַנד און זינד און ווי און ווינד —
מיט שלאָס און ריגל אַף דעם מויל און טויב און בלינד,
געבייטשט פון נאַצי־ליגנס פוילן ווינט,
געהעצט פון געבלס־שלענג און היטלער־הינט!

און ווילסטו פאַרט דעם וועג פון אומקום און פון שאַנד,
טאָ לייען אַף דער שוואַרצער וואַנט
די פייערדיקע נביאות אַף דיין פאָטערלאַנד:

געקירצט וועט זיין די צאָל פון דיינע טעג.
וועסט פאַלן אַ דערשלאָגענע פון דיינע אייגענע שלעק.
עס וועט דערדריקן דיך דיין אייגענער יאָך,
און ס׳וועט צעברעכן דיך דיין אייגענער בראָך.
דו וועסט געפאַנגען ווערן אין דיין אייגענער נעץ,
און ס׳וועט דיך אויסלאַכן דיין אייג׳נער געץ.
עס וועט צעמאָלן דיך די מיל פון צייט,
און רוען וועסטו מיט בלשאצר׳ס בבל, זייט־בא־זייט.

און אַף דעם מיסט פון וועלט־געשיכטע וועט
זיך וואַלגערן דער נאָמען פון אַ „פאַטערלאַנד",
וואָס איז געווען בלינד צו די נביאות אַף דער וואַנט,
און טויב און שטום צום וואָרנען פון פראָפעט.

יוני, 1933

## באָיקאָט! באָיקאָט!

פון מענטש־צו־מענטש, פון מויל־צו־מויל,
פון לאַנד־צו־לאַנד, פון ים־צו־ים,
זאָל פלאַקערן דאָס וואָרט פון גרויל,
זאָל שפּרייטן זיך ווי פּרייריי־פלאַם,
זאָל ברענען וויים, זאָל גליען העל
— דאָס האַרבע וואָרט, דעם פאָלק׳ס באַפעל
— ווי פון באַרג סיני אַ געבאָט
באָיקאָט! באָיקאָט!

געליימט זאָל זיין מיין רעכטע האַנט,
אויב איך וועל אָנרירן אַ פּראָדוקט
— פון היטלער׳ס ברוינעם בייטשנלאנד
— די חיה־רעה, וואָס פאַרצוקט
— אי בפרהסיא, אי געהיים
די בראַווסטע קינדער פון איר היים!
— געהייליקט זיין זאָל דער פאַרבאָט

באָיקאָט! באָיקאָט!

# שפּיל און קאמף

איר פיינט פון אונזער אַלטן שטאַם,
איר פּרעה'ס פון א „דריטן רייך",
איר האָט צערייצט אַ רויטן ים
פון פעלקער־האַס, פון ראַסן־סם,
דאָס וועט לסוף פאַרשלינגען אייך!
איר צווינגט אונז דאָס געווער אין האַנט,
איר המן־לייט פון היטלער־לאַנד —
איז אויג־פאַר־אויג! צוריק קיין טראָט! —

באָיקאָט! באָיקאָט!

גערמאַניא, דו קלוגע פרוי!
קוק־אָן וואָס האָט מיט דיר פּאַסירט:
אַ היטלער־שלאַנג האָט דיך אַזוי
געשענדט, פאַראומרייניקט, פאַרפירט!
כל־זמן דיך טרייבט אַ וויסטער דראַנג
צו בוזעמען די היטלער־שלאַנג,
צו זיין זיין שקלאַפין, זיין ראָבאָט —

באָיקאָט! באָיקאָט!

## באָיקאָט! באָיקאָט!

כל־זמן ער שפּרייט מיט דיינע הענט
פאַרוויסטונג, שרעק און נויט און טויט,
און אויף דיין שטערן שפּאָטיש ברענט
דער קין־צייכן — בלוטיק־רויט;
כל־זמן דו וועסט נישט תשובה טאָן
און רייניקן דיין האַרץ און זעל,
וועט פלאַטערן אויף אונזער פאָן,
וועט רייסן זיך פון אונזער קעל
דער חרם־רוף צו מענטש און גאָט —

באָיקאָט! באָיקאָט!

— — — — — — — — — — — —

פון מענטש־צו־מענטש, פון מויל־צו־מויל,
פון לאַנד־צו־לאַנד, פון ים־צו־ים,
זאָל פלאַקערן דאָס וואָרט פון גרויל,
זאָל שפּרייטן זיך ווי פייערדי־פלאַם,
זאָל ברענען וויים, זאָל גליען העל,
דאָס האַרבע וואָרט, דעם פאָלק׳ס באַפעל —
די שטים פון פאָלק — די שטים פון גאָט —
ווי פון באַרג סיני אַ געבאָט —
באָיקאָט! באָיקאָט!

יולי, 1933

# שפּיל און קאַמף

# דאָס האַמער־ליד *

(געבאָרגטער מאָטיוו)

— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —
הילכט דער האַמער מיט געזאַנג —
קנאַלט און שאַלט און שפּאַלט דעם אויער
פון דעם שאַפער און דעם בויער:
— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —
רייס די קייט פון שקלאַפן־צוואַנג!

— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —
הערט איר, ברידער, זיין געזאַנג? —
כ׳שמיד פאַר אייך א נייעם טאָג,
פריי פון אַנגסט און נויט און פּלאָג —
— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —
רייס די קייט פון שקלאַפן־צוואַנג!

---

*) דאָס ליד האָב איך אָפּגעדרוקט אין 1893 אָדער אין 1894 אין דער דעמאָלסטדיקער סאָציאַליסטישער „אַרבעטער צייטונג". דער רעפריין „קלינג־קלאַנג" א. א. וו. האָבן די פאָלקס־מאַסן צוגעגעבן צו א ליד פון דייטשן דיכטער געאָרג הערוועג איבערזעצט פון דר. חיים זשיטלאָווסקי, וואָס הייבט זיך אָן: „און דו אַקערסט און דו זייסט" . אין הערוועגיס ליד איז דער „קלינג־קלאַנג" רעפריין נישטאָ. — י. מ.

## שפיל און קאַמף

— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —
קנעכטשאַפט דויערט שוין צו לאַנג!
ברעך די קייט פון נויט און שאַנד,
שמיד פון איר אַ שווערד צום האַנט!
— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —
רייס די קייט פון שקלאַפן־צוואַנג!

— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —
וואָרנונג הילכט אין זיין געזאַנג:
וויס, די שווערד וואָס דיך באַפרייט,
איז דיין איינִיקייט אין שטרייט!
— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —
רייס די קייט פון שקלאַפן־צוואַנג!

— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —
עס שוויצט דער שמיד,
דאָס אייזן גליט,
דער האַמער זינגט
און וועקט און קלינגט
און רופט צום שטרייט
די אַרבעט־לייט —
— קלינג־קלאַנג, קלינג־קלאַנג —

## דאַס האַמער-ליד

— קלינג-קלאַנג, קלינג-קלאַנג —
דער האַמער קנאַלט,
די קייט צעפּאַלט,
די וועלט ווערט פריי
און זאַט און ניי —
אַ נייעס ליד,
אַ פרייעס ליד —
הילכט דאַן אָפּ אין זיין געזאַנג! —
— קלינג-קלאַנג, קלינג-קלאַנג —

ווינטער, 1894



## שפּיל און קאַמף

# צעשפּאַלט זיך מיין האַרץ

צעשפּאַלט זיך מיין האַרץ!
צעשפּאַלט זיך אין צווייען!
צעשפּאַלט זיך — אַזוי ווי פאַרצייטן דער ים —
לאָז שטראָמען די ביטערע שמערצן און ווייען
לאָז פליסן און פליסן פון דאָרטן דער סם
אין גאָלדענע בעכערס פון פאָלק'ס אונטערדריקער
פון וועלכן זיי זויפן דעם אַרבעטערס בלוט —
און זאָל עס פאַרגיפטן אַ יעטוועדן דריקער,
אַ יעטוועדן הערשער, דורך געלט אָדער קנוט!

* * *

צעשפּאַלט זיך מיין האַרץ!
צעשפּאַלט זיך אין צווייען!
צעשפּאַלט זיך — אַזוי ווי פאַרצייטן דער ים —
און זאָלן דער האס און דער צאָרן וואָס גליען
אין דיר זיך צעברענען אין העלישן פלאַם —
און זאָל אָט דער העלישער פלאַקער פארצערן
פאַרניכטן, פאַרוואַנדלען אין אַש און אין שטויב,
די קירכן און קרוינען — די פוקסן און בערן
וואָס לעבן פון שווינדל, פון מאָרד און פון רויב!

* * *

## צעשפּאַלט זיך מיין האַרץ

צעשפּאַלט זיך מיין האַרץ!
מיין עלנדע, טריבע!
צעשפּאַלט זיך — אַזוי ווי פאַרצייטן דער ים —
לאָז שטראָמען און שטראָמען מיין ענדלאָזע ליבע
צום אַרבעטער־מענטש פון אַ יעטווערן שטאַם,
דורך צענדליקער, הונדערטער, טויזנט קאַנאַלן
אין יעדע געקווילטע פאַרוואונדעטע האַרץ —
און זאָל זי דאָרט היילן די בלוטיקע קוואַלן,
און זיין ווי אַ באַלזאַם צום ביטערסטן שמאַרץ!

* * *

צעשפּאַלט זיך מיין האַרץ!
צעשפּאַלט זיך אין צווייען!
צעשפּאַלט זיך — אַזוי ווי פאַרצייטן דער ים —
און זאָלן מיין קאַמפס־לוסט און וואונש צו באַפרייען
פון גיהנום דער וועלט און איר געבן דעם טעם
פון הימלישן גליק אַף דער ערד — זיך מיט שטורם
צעטראָגן אין יעטווערער ברוסט פון אַ קנעכט
און זאָל דאָרט אַנשטאָט די פאַרצווייפלונג, יסורים,
צעגליען דעם קאַמף־לוסט פאַר גלייכהייט און רעכט!

זומער, 1895.

שפיל און קאַמף

# דער אַרבעטלאָזער

(ווערט געזונגען מיט דער מעלאָדיע פון
„פאַריאָמערט, פאַרקלאָגט".)

געקרענקט און פאַרשמאַכט,
פון פרי ביז באַנאַכט,
געטריבן פון הונגער און נויט;
אָן ראַסט און אָן רו,
האָב איך געזוכט וואו
מיין מי צו פאַרקויפן פאַר ברויט.
אין יעדער פאַבריק
האָב איך געפּרואווט גליק,
געפרעגט יעדן הער־פאַבריקאַנט,
אויב ער וואָלט געוואָלט,
פאַר האַלבן געצאָלט,
אַ גוטע, אַ פלייסיקע האַנט.
אומזיסט איז מיין מי
געוועזן פון גאַנץ פרי,
צו וועמען איך האָב זיך געווענדט,
אָן ענטפער האָב איך
אַליך באַקומען אַף גיך:
מע דאַרף היינט נישט האָבן קיין הענט!

## דער אַרבעטסלאָזער

„צו וואָס היינט אַ האַנט,
אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד?
היינט דאַרף מען קיין מענטשן דאַנק גאָט!
איר זיצט זיך צו־הויז
און שיקט אונז אַרויס,
אַהער אייער קינד אויב איר האָט.
מיר דאַרפן קיין הענט:
מיט הונדערט פּראָצענט
געשיקטער שאַפט היינט די מאַשין;
און וואָס נאָר זי טוט,
איז ביליג און גוט,
צום „סטרייקן" האָט זי ניט קיין זין:
זי דאַרף ניט קיין ברויט,
קיין שיך ניט, קיין קלייד,
נור בוימל אַ קאַפּ און אַ רעדל אַ דריי;
דאָס לערנט געשווינד
אַן אַכט־יאָריק קינד —
„מע דאַרף היינט נישט קיינעם — גיי, גיי! "

באַליידיקט, פאַרשעמט,
פאַרביטערט, צעקלעמט,
צעבראָכן, איך פיל ניט קיין גליד,
גיי איך אָן אַ ציל,
און וויין אין דער שטיל,

## שפיל און קאמף

צו ווייגען הויך בין איך צו מיד.
איך פרעג זיך אַליין
אין שטילן געוויין:
וואָס וועט פון מיר ווערן אַצינד?
מע טרייבט מיך צוריק
פון יעדער פאַבריק,
אַזוי ווי דעם וואָלקן — דעם ווינט ;
מיין פלייס, מיין טאַלענט,
מיינע ווילִיקע הענט
דאַרף קיינער ניט האָבן היינט מער;
וואָס וועט זיין אַצינד
מיט מיין פרוי און מיין קינד? !
עס ענטפערט אַ טרער נאָך אַ טרער! . . .

זומער, 1895.



# אמרו לאלהים

(א ימים נוראים מאָטיוו)

איר זאָגט צו גאָט אַזוי צו זאָגן:
געַנוג! — מיר וועלן מער ניט קלאָגן,
אין קראַנקן האַרץ זיך מער ניט שלאָגן
אשמנו און על חטא;
טייכן טרערן האָבן מיר פאַרגאָסן —
עס גייט שוין איבער אַלע מאָסן —
דאָך גאָט, דיין האַרץ בלייבט אַלץ געשלאָסן
פאַר אונזער היים געבעט.

גענוג צו שטיין אין דריי געבויגן
אין טלית־און־קיטל, מיט פייכטע אויגן,
צו דיר „אב רחמן" אויסגעצויגן
די אַרבעטס־מידע הענט
און בעטלען אַף אַ גוטן קוויטל —
אָ, נישט קיין רייכטום, נישט קיין טיטל: —
אַ קלייד צום לייב און לעבנס־מיטל,
אַ ווינקעלע, פיר ווענט.

„אָ, פאָטער העלף אונז, האָב רחמנות!
באַווייז דיין גוטסקייט, דיין ישרנות,

## שפיל און קאמף

צו דיינע קינדער אין סכנות —
דערמאָן ניט אונז׳רע זינד!
צוליב די אבות אין די קברים,
צוליב די קינדער אין חדרים,
פאַרגיב! וואָס איז דער מענטש? — אַ וואָרים —
אַך, ווי איז אונז און ווינד!״ —

האָבן מיר געוויינט, געיאָמערט ביטער
מיט שווערע, פינצטערע געמיטער,
פאַר דיר, גאָט אונזער האַר און היטער
ביים טויער פון גענאָד;
מיליאָנען תפלות האָבן מיר גע׳סילוק׳ט,
דו האָסט קיין איינציקע באַוויליקט —
די נויט האָט אונז שוין באַלד פאַרטיליקט —
דיך אַרט עס ניט, אָ, גאָט! . .

גענוג, מיר זיינען מער קיין נאַרן,
מיר ווערן מער אַף דיר ניט האַרן
דו זאָלסט צערייסן אונזערע גזרן,
פאַרשרייבן גליק פאַר אונז אַף דר׳ערד.
מיט רוקנס אויסגעגלייכט ווי צעדער,
און אָנגעגורט צום קאַמף איז יעדער,
מיר נעמען היינט אליין די פעדער
אין האַנט, און אויך די שווערד! . . .

## אמרו לאלהים

מיר קומען היינט ווי שטרענגע ריכטער,
מיט האַרטע, ערנסטע געזיכטער,
צו משפּט'ן די וועלט־פאַרניכטער
אין יעדן דאָרף און שטאָט.
מיר'ן היינט פאַר אונזער בית־דין לאַדן,
די האַרן פון ממשלות זדון
וואָס טוען אין אונזער בלוט זיך באָדן
און דיך אויך, דו ליבער גאָט!

1900.



## דער פרומער רב פייוול

צו זיבעציק זיבן געוואָרן איז פרום,
דער האַרטער בעל עבירה, רב פייוול;
ער היט אָפּ אַצינדערט פון שעטנז זיין גוף,
ער מישט נישט קיין וואָל מיט קיין בייוול.

ער ליגט אין בית מדרש ווי טאָג אַזוי נאַכט,
דער אַלטער בעל עבירה, רב פייוול:
דער אויבערשטער קריגט די שיריים אַצינד,
וואָס איז אים פאַרבליבן פון טייוול. . . .



# פאַר מיר ליגן אויסגעשפּרייט מיילן

(אַרונטערקוקנדיק פון אַ הויכן באַרג, אין אַ פרוכטבאַרן טאָל)

פאַר מיר ליגן אויסגעשפּרייט מיילן אַף מיילן
נאַטור־פּאַנאָראַמעס, פאַר׳כשופ׳טע בילדער,
אָן כיזון צוזאַמענגעוואָרפן פון ווילדער
נאַטור־פּאַנאָראַמעס, פאַר׳כשופ׳טע בילדער,
אַ מאַי־שיר־השירים, פאַרפּאַסט אָן אַ טעמע.

און ווייט ווי איך קאָן מיט מיין אויג נאָר פאַרוואַרפן,
און ווייט ווי איך קאָן מיט מיין זין נאָך באַגרייפן,
זיך ציען די גערטנער אין פאַרביקע שטרייפן,
ווי בליענדע לענטעס זיך שטרעקן די בייטן
און שווייבלען און גריבלען מיט בליאונג און קווייטן.

מיט מוסקל און שווייס פון דער האַנט פונעם פויער,
דאָ זינגט די נאַטור אַף די פעלדער פאַרזייטע,
דורך סעדער צעגרינטע, מיט בליאונג פאַרשנייטע;
דאָרט קלינגען פאַנטאַסטיש־פאַרשייט אירע קלאַנגען,
דאָ זינגט זי פון תכלית פון גאַרבן און זאַנגען.

## שפיל און קאמף

און איך בין דער עדות פון געטלאכע וואונדער:
איך זע מעשי־בראשית אַרונד און אַרום מיר,
איך זע מיט מיין אויג דעם געבורט פון אַ זומער.
איך זע אפן בראָכשטול נאַטור קומט דעם מענטשן
באַגליקן, מיט טויזנטער ברכות אים בענטשן.

און ס׳רופן פון אַלע פיר זייטן און ווינקען
אומצעליקע שטימען, אומצעליקע פינגער:
אַנו, נעם די פעדער, דו שטערבלאַכער זינגער,
גיס אוים דיין נשמה אין הימנען, און שילדער —
אין ריטמען און קלאַנגען, פאַרקערפערט אונז, בילדער.

מיר וועלן מיט דיר זיך אין שותפות באַהעפטן —
דער באַרג און דער טאָל זאָלן זיין פאַר אונז עדות,
מיר וועלן פאַר דיר דאָ אַנטפלעקן די סודות
פון שפּראָצן און וואַקסן, פון בליען און גרינען,
נאָר זע, זאָלסט די ריכטיקע קלאַנגען געפינען,

די הערלעכקייט אונזערע, ריטמיש באַזינגען.
מיר וועלן דיר לייען, מיר וועלן דיר באָרגן
דעם שפּראָץ פון באַגינען, דאָס רויט פון פרימאָרגן,
דעם שימער פון אָקאָרשט־געבאָרענע שטראַלן,
געבוירן אַף ים׳ען, אין שוימיקע וואַלן.

פאַר מיר ליגן אויסגעשפּרייט מײַלן אַף מײַלן

מיר וועלן דיר שיינקען דעם נאַכטיגאַל׳ס טרעלן,
דעם וואַסער־פאַלס רוישן, זיין פאַלן, זיין שטייגן,
די שטילקייט פון בערג, און דעם לשון פון צווייגן;
דעם גלי פון די שטערן, די פאַרב פון די בלומען,
דאָס פלאַפּלען פון קוואַלן, פון פעלזן דאָס שטומען, —

טאָ גרייף אָן דיין האַרפע, דו שטערבלאַכער זינגער! —
דו דאַרפסט דיין פאַנטאַזיע ניט נויטן, ניט צווינגען,
דו זאָלסט אונז אַזוי ווי מיר זיינען באַזינגען,
אַז מיר און דיין ליד זאָלן זיין ווי אַ צווילינג:
דאָס ווערק פון אַ דיכטער — דאָס ווערק פון אַ פרילינג.
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —
נאָך טעג אָן הצלחה, נאָך נעכט אָן בטחון,
האָב איך אין אַנטוישונג מיין פעדער צעבראָכן. . .
אַף ד׳רערד לייגט מיין אָרעמע פעדער באַצוואונגען,
אַרום בליט דער פרילינג פון מיר נישט באַזונגען.

פרילינג, 1907



# שפיל און קאמף

## אַ טעות?

„ער איז מיט אַ טעות געבאָרן געוואָרן,
כביכול האָט אפשר דעם חשבון פאַרלאָרן
און האָט אים באַשאַפן צו שפּעט;
געזאָלט האָט ער ווערן פון חיל אַ פירער,
אַ מעכטיקער צעזאַר, אַ שטאַרקער רעגירער,
און נעבעך אַרויס אַ פּאָעט . . . "
כביכולת טועת,
אויסצוג, פון יהאוש.

באַדויער ניט,
באַטרויער ניט,
מיין פריינט, „כביכול׳ס טעות":
די גרויסע קראַפט
וואָס בויט און שאַפט,
פאַרשטייט איר זאַך, משמעות.

די האַרף איז ווערט
פיל מער פון שווערד;
ווען אש ווערט פון פאַרניכטער,
וואָס זיגט אין שטרייט —
דורך אייביגקייט,
אומשטערבלאך בלייבט דער דיכטער.

## אַ טעות?

די ערד איז איצט
אַדורכגעבליצט
מיט שווערדן, באַיאָנעטן;
די זון גייט אויף
און אין איר לויף,
באַשיינט זי בערג סקעלעטן.

און וואו זי רייזט,
דער שוואַרצער גייסט
פון מאַרס רעגירט מיט שרעקן;
אַן אַרסענאַל
איז איבעראַל,
שטאָט שולן, ביבליאָטעקן.

און בלוטיק רויט
די זון פאַרגייט,
רייזט־אָפּ אין אַנדערע וועלטן;
האַרמאַטן פיל,
סאָלדאַטן פיל,
זעט זי, אַ דיכטער — זעלטן.

מיר טוט קיין לייד,
מיין פריינט, מיט פרייד,
מיט בלומען און מיט ליבע,

שפּיל און קאַמף

גרים איך און בעט
פאַר דעם פּאָעט,
„געבאָרן על פּי סיבה".

— — — — — — —

ווי דאַנק איך גאָט
פאַר זיין גענאָד,
וואָס דו ביזט קיין סאָלדאַט ניט!
האָסט קיין טאַלאַנט
פאַר מאָרד און בראַנד,
דו ביזט צו דעם קיין כוואַט ניט.

דו ביזט געשטעלט
אַף אונזער וועלט,
צו זינגען לידער זיסע:
א נאַכטיגאַל,
אין יאָמערטאָל,
פון אונזער שוואַרצער תּפיסה!

טאָ זינג דיין ליד
און ווער ניט מיד,
אָ, זינג, פּאָעט! — איך שווער דיר,
מיט דאַנקבאַרקייט
דורך אייביקייט,
דאָס האַרץ פון פאָלק געהערט דיר!

## אַ טעות?

אָ, זינג דיין ליד
און ווער ניט מיד!
אין דיר האָט גאָר קיין טעות,
געהאַט די קראַפט
וואָס בויט און שאַפט —
זי ווייסט איר זאַך, משמעות! . . .

מאי 29, 1901

---

## ביזטו פארליבט

ביזטו פאַרליבט אין פריילין קונסט?
ס'איז נישט קיין עולה, כ'לעבן;
נאָר וויסן זאָלסטו אז זי וועט
קיין נדן דיר נישט געבן.

דו ווילסט די קונסט מקדש זיין
און אַף איר ליבע האָפן,
זיי גרייט אַ הונגעריקער, אַף שטרוי,
מיט איר זיך לייגן שלאָפן.

# דער אַרבעטער און דער עץ הדעת

(סאָנעט)

עס בליט דער עץ־הדעת אין גרינער פּראַכט
און שפּרייט די פרוכט־באַלאָדענע צווייגן ווייט אַרום
אין לעבנס־גאָרטן און ער רופט: „אָ קום
צו מיר, פאַרשאָלטענער, פאַרלאָז דיין נאַכט,

„וואו נאַקעט בלאָנדזשעסטו אַרום פאַרשמאַכט
און קוויק זיך מיט מיין פרוכט און דעם „וואָרום"
פון אַלץ באַגרייף. ווער קלוג ווי גאָט." דאָך שטום
און טרויעריק הערט ער זיך צו און טראַכט:

„אַך, מאַלפּעס שפּרינגען, שטיפן, מאַכן שפּאַס
אַף דיינע צווייגן, שווינען גראָבן פון דער ערד
די וואָרצלען דיינע, שלאַנגען אָטעמען טויט

אַף דיינע פּירות, מיר — אָ, עץ הדעת! —
פאַרשטעלט דעם וועג צו דיר אַ בלאַנקע שווערד,
געפאָכטן אין דער דאַרער האַנט פון נויט!

אויגוסט, 1903.

## ווי אַ פּראָלעטאַריער „מופּטי"

פון אַ טעמענענעט הויז אין אַ טעמענענעט הויז,
פון אַ קבר אַרויס אין אַ קבר אַריין:
אַך, דעם קבר, דעם קבר פאַרבייט ער נאָר בלויז —
די ענויים פון הבוט, דער מאַרטער און פּיין,
וועט אין קבר אין נייעם דער זעלביקער זיין!

* * *

אַוועק איז דער ווינטער, דער פרילינג קומט אָן:
ער שפּאַנט מיט נצחון דורך וואַלד און דורך פעלד,
מיט בלומען באַקראַנצט ווי אַ זיגנדער העלד;
עס פלאַטערט זיין שטראַלן־געפלאָכטענע פאָן
אין בלאָען, אין זיידענעם הימל־געצעלט.

עס זינגען אים שבחים דורך נעכט און דורך טעג,
די פויגל, וואָס האָבן געשטומט אַזוי לאַנג;
דאָס פעלד האָט באַשאָטן מיט רויזן זיין וועג;
דער סאָד האָט געשיינקט אים אַ בשמים־געשאַנק;
דער וואַלד האָט פאַרפאַסט אים אַ יובל־געזאַנג.

עס וועבט דאָס געזאַנג זיך פון פויגל און וואַלד,
מיט בשמים און שטראַלן אין אַ הייליקן ליד
וואָס רופט יעדע בריה צום גאָלדענעם פעסט
פון פרילינגס נצחון, פון פרייהייט און פריד. —

# שפיל און קאמף

און ווי נאָר די ליכטיקע שירה ערשאַלט
דאַן ציען און פליען פון בוימער און נעסט
צום נאַטור'ס גרויסן יום־טוב, אומצעליקע געסט!
עס ציט אויך אַ מענטש פון זיין טענעמענט פעסט...

אָך, זאָגט מיר וואו שלעפּט ער זיין מאָגערן לייב?
וואו שלעפּט ער זיין דלות געשפּאַנט ווי אַ פערד?
וואו שלעפּט ער די קינדער, וואו שלעפּט ער די
ווייב?
אין וואַלד? אפן פעלד, אַף דער יונג־גרינער ערד —
צום יום־טוב וואָס מוטער נאַטור האָט באַשערט?

האָט ער אויך דאָס רופן פון פרילינג דערהערט
און וועט דאָרטן זיצן באַם פעסט אויבן אָן,
אַף דעם שוים פון דער יונג־אַלטער מוטער נאַטור,
אין אַ גרינעם, מיט בלומען באַהאַנגענעם טראָן
אונטער א פרילינגס־שטראַלן געפלאָכטענער פאָן?

* * *

פון אַ טענעמענט הויז אין אַ טענעמענט הויז,
פון אַ קבר אַרויס אין אַ קבר אַריין:
אַך, דעם קבר, דעם קבר פאַרבייט ער נאָר בלויז —
די ענויים פון חבוט, דער מאַרטער און פיין,
וועט אין קבר אין נייעם דער זעלביקער זיין...

1907.

# אַ וויגן־ליד

(געבאָרגטער מאָטיוו)

שלאָף איין געשווינד,
מיין ליבעם קינד —
כל זמן דו ווייסט ניט ווער דו ביסט. . .
דיין טאַטע איז אַ ניהיליסט,
פאַרשיקט אין שרעקלעכן סיביר,
געשמידט אַזוי ווי אַ ווילדעס טיער,
ווייט, ווייט פון מיר,
ווייט, ווייט פון דיר!

שלאָף איין געשווינד,
מיין עלנד קינד —
דיין פאָטער צוגעשמיטערהייט
קאָן גאָרנישט טאָן פאַר אונז אין נויט,
און יעדעס האַריך און יעדע טיר,
איז פעסט פאַרמאַכט פאַר מיר מיט דיר. —
מע לויפט אין שרעק
פון אונז אַוועק! . . .

## שפיל און קאמף

שלאָף איין געשווינד,
מיין אָרעם קינד.
דיין פאָטער'ס האַרץ איז בראַוו און גוט
און פעסט ווי שטאָל זיין העלדן־מוט;
עס שרעקט סיביר ניט אָפּ זיין גייסט.
ווען דו וואַקסט אויף, ווי ער זיי דרייסט! —
ווי ער גרייף אָן
טיראַן און טראָן!

שלאָף איין געשווינד,
מיין יתום־קינד.
זאָלסט זען אין טרוים דיין פאָטער'ס בילד
און זאָל דיין האַרץ ניט זיין געשטילט:
זאָל דאָרטן גליען דער וואולקאַן
פון רוסלאַנד'ס האס צום צאַר־טיראַן! —
די שוואַרצע מאַכט
פון רוסלאַנד'ס נאַכט! . . .

זומער 1896

# פיאָנערן

(בר. ו ארבעטער רינג, א מתנה)

רעספּעקט פאַר אונזערע ווייסע האָר
רעספּעקט פאַר אונזערע פּליכטן!
זיי טראָגן שטאָלץ אויף זיך די קרוין,
די קרוין פון גרויסן יחוס.

און נישט געירש׳נט איז די קרוין,
זי קומט ניט דורך זכות אבות:
מיר האָבן זי אַליין געשמידט
פון אייגענע מחשבות.

פון ריינסטן אידעאַל־גאָלד,
האָבן מיר זי אויסגעהאַמערט
און מיט עקשנות אָן א ברעג
אין איר זיך איינגעקלאַמערט.

# שפיל און קאמף

רעספּעקט פאַר אונזערע ווייסע האָר
רעספּעקט פאַר אונזערע פּליכטעם!
עס פלאַטערט איבער זיי די פאָן,
פון גרויס פּיאָנערן־יחוס.

ווייל נישט געאַרבט איז אונזער פאָן
פון דורות לאַנג פאַרשטאָרבן:
מיר האָבן זי אַליין געוועבט,
אין אייגן בלוט געפאָרבן.

ווען ס׳האָבן ווינטערס צענדליקע
איבער אונזערע קעפּ געשטורמט,
האָבן מיר פאַר זיך און ברודער־מענטש
א נייע וועלט געפורעמט.

די ווינטערס האָבן קעפּ פאַרשנייט,
צום האַרץ נישט צוגעקומען.
דער פראָסט פון צייט האָט נישט געטויט
אין אונז די פרילינג־בלומען.

מיר זיינען אַלט, מיר זיינען יונג —
אי אָוונט, אי באַגינען —
און אויך די גאָלדענע מיטאָג־שעה,
קאנט איר בא אונז געפינען.

## פּיאָנערן

מיר זיינען שטאַם, מיר זיינען צווייג,
מיר זיינען דור און דורות.
מיר זיינען וואָרצלען פון דעם בוים
און פון דעם בוים די פּירות.

רעספּעקט פאַר אונזערע ווייסע האָר,
רעספּעקט פאַר אונזערע פּליכטעס!
מיר זיינען בלויז אין יאָרן אַלט,
דאָך יונג אין אונזער שליחות;
עס פלאַטערט איבער אונז די פאָן
פון גרויס פּיאָנערן־יחוס.

1937.



# עלעגיעס

א. מיין מאַמע

ב. זינט איך האָב דיר פאַרלאָרן

ג. האַרסט-בלום

ד. ביאַליק !

ה. פּה נקבר

ו. אַ ליד

ז. בייִנקענעש

# מיין מאַמע

פון יענער זייט ים איז דיין קבר,
א האַלבער יאָרהונדערט שוין באַלד —
דאָך טראַכט איך פון אייביקער ליבע,
דערזע איך דיין ליבע געשטאַלט.

באַלד פינף־צענדליק יאָרן פאַרשוואונדן,
זינט האָסט זיך געזעגנט מיט מיר,
דאָך ווען נאָר איך טראַכט פון א מלאָך —
דערמאָן איך זיך, מאַמע, אָן דיר!

שוין יאָרן אַזויפיל פאַרלאָפן,
פון זעגענען זיך ביז אַצינד,
דאָך קלינגט נאָך אין אויער דיין ברכה:
„זאָל גאָט דיך באַשיצן, מיין קינד!"

נאָך קלינגט אין מיין אויער דיין ברכה —
פון ליכטיקן עדן אַ גרוס,
עס שפּירט נאָך מיין האַרץ דיין אומאַרמונג,
נאָך וואַרמט מיין שטערן דיין קוש.

# שפיל און קאמף

און מעג די ערד שווימען אין טרערן,
איז זי נאָך אַלץ טייער בא מיר;
ווי לאַנג ס'וועלן זיין אַף איר מאַמעס —
וועט גוט זיין צו לעבן אַף איר.

— — — — — — — — — — — — — —

אַוועק באַלד אַ האַלבער יאָרהונדערט,
זינט דו האָסט געשיידט זיך פון מיר;
דאָך ווען נאָר איך טראַכט פון אַ מלאך —
דערמאָן איך זיך, מאַמע, אָן דיר!



## זינט איך האָב דיך פאַרלאָרן

(געשריבן דעם טאָג פון יהואשׁס לויה)

א.

אין מזרח שטאַרבן אָפּ די נעכט,
אין מזרח ווערן טעג געבאָרן —
דאָך זיינען מיר די טעג ווי נעכט,
זינט איך האָב דיך פאַרלאָרן.

ב.

אין מערב גייען אוים די טעג,
אין מערב ווערן נעכט געבאָרן —
דאָך זיינען מיר די טעג ווי נעכט,
זינט איך האָב דיך פאַרלאָרן.

ג.

באַם טויט פון ווינטער ווערט אַ פרייד,
אַ פרילינג־פרייד געבאָרן —
דאָך פרילינג וועט ווי ווינטער זיין,
זינט איך האָב דיך פאַרלאָרן.

ד.

פון פרילינג־שוים אַ זומער־לעב
וועט ווערן ניי־געבאָרן —
דאָך ביידן פעלן וועט די זון,
זינט איך האָב דיך פאַרלאָרן.

ה.

אין גאָלדנעם זאַמד, אין טיפן גרוב,
אין שוואַרצן, קאַלטן אָרון —
מיט דיר באַנאַנד איז אויך די זון,
זינט איך האָב דיך פאַרלאָרן.

# שפיל און קאמף

## אַ האַרבסט־בלום

געקומען איז פון האַרבסט די צייט
פון וועלקן און פון דאַרבן;
פאַר׳משפּט שטייען סאָד און וואַלד
און גרייטן זיך צו שטאַרבן.

די זון צעשיינקט מיט קאַרגע הענט
דעם רעשט פון זומער־וועטער,
באַשפּרינקלט ווי ניט ווילנדיק
מיט גאָלד די ברוינע בלעטער.

און דאָ און דאָרט, אַ מאַטע בלום,
אַ לעצט — אַן איינגעשפּאַרטע,
פאַר׳עקשנ׳ט שטעקט אַרויס דעם קאָפּ
דורך גראָזן האַלב־פאַרדאַרטע.

זי זויגט אַריין דעם לעצטן שטראַל,
דעם גוסס־הויך פון זומער,
און פאַלט צום געלן גראָז, פאַרדאַרט
און טויט, ווי אַלץ אַרום איר.

נאָוועמבער, 1907.

# ביאַליק

(געשריבן דעם טאָג ווען ס׳איז אָנגעקומען
די נייעס וועגן ביאַליקס טויט)

דורך טאָג און נאַכט רופט תל אביב:
ביאַליק! ביאַליק!
פאַרוואָס דערהאַלט איך נישט קיין בריוו?
ווען קומסטו אַהיים? מיט וועלכער שיף? —
ביאַליק! ביאַליק!

פאַרוואָס, אוי, הער איך נישט פון דיר?
ביאַליק! ביאַליק!
איך גיי אַראָפּ פון זינען שיר
פון איבערקלערן וועגן דיר —
ביאַליק! ביאַליק!

וואו ביזטו איצט געליבטער מיין?
ביאַליק! ביאַליק!
וואו ביזטו פון מיין אויג די שיין?
איך גיי שיר אויס פון ליבעס־פּיין! —
ביאַליק! ביאַליק!

צי הערסטו גאָרנישט מיין געוויין? —
ביאַליק! ביאַליק!

## שפיל און קאמף

ווי לאָזטו איבער מיך אַליין
אַן עלנדע, ווי אַ מדבר־שטיין? —
ביאַליק! ביאַליק!

קיין וואָרט, קיין גרוס, קיין וואונק צו מאָל...
ביאַליק! ביאַליק!
און הערסט נישט אויך דעם ווידער־קול
פון ציונ׳ס קרעכץ דורך באַרג און טאָל! —
ביאַליק! ביאַליק!

האָט וואָס פּאַסירט?.. מיך שרעקט דאָס האַרץ...
ביאַליק! ביאַליק!
וועל איך מיר אָנקליידן אין שוואַרץ
און קריעה רייסן אַף מיין האַרץ
און היילקן מיין בראָך, מיין קלאָג,
און קדיש זאָגן אַלע טאָג —
ביאַליק! ביאַליק!

יולי, 1934

## פה נקבר

אויסגעטרונקען גאָר דעם בראָנפן,
מיט די רידלען אַף די אַקסל,
זענען חברה־לייט באַגרעבער,
לאַנג אוועק פון דעם בית־עולם.

נאָר באַם פרישן, קליינעם קבר,
פון איר איינציק קינד, צוקאָפּנס,
ווי אַ מאַרמאָרנע מצבה,
איז די מאַמע דאָרט פאַרבליבן.

שוין פאַרזינקט די זון אין מערב,
ס׳ווערט דער הימל טונקלער, טונקלער
און פון וואַלד צו דעם בית־עולם,
איילן שאָטנס גיך און גיכער.

אין דער גרויער פון בין־השמשות,
שטייט די מאַמע — די מצבה —
שאַרפער צער האָט אַף איר פנים,
אויסגעקריצט די שריפט: פה נקבר.

## שפיל און קאמף

ווי אַ שוואַרצער גרויסער אָדלער
איז די נאַכט געקומען פלוצלונג,
איינגעטוליעט אין איר מאַנטל
דעם בית־עולם מיט דער מוטער.

ווען נאַכט'ס שוואַרצער, גרויסער אָדלער
איז אַוועק אין הריי־חושך,
און דער מאָרגן איז געקומען
אין אַ גילדערנע קאַרעטע —

האָט ער צווישן די מצבות,
אף אַ קבר'ל אַ פרישן,
העל באַגילט אַ מאַרמאָר פנים,
פון אַ צער־באַפרייטער מאַמע.

אויגוסט, 1901



# אַ ליד

(דעם דענווער סאַנאַטאָריום אַ מתנה)

ווען ליבער פרילינג האָט באַגריסט
אַ יונגע, גרינע וועלט,
האָט זי בלומען איינגעפלאַנצט
אַרום איר ווייסן צעלט.

זי האָט די קליינע קערנדלאך
צום האַרצן צוגעדריקט
און מיט אַ שטילער תפלה זיי
צו מוטער־ערד געשיקט:

„איר ליבע, בלומען־קערנדלאך,
פאַרנעמט מיין שטיל געבעט!
אוי, זעט די קנאָספּן זאָלן נישט
אַרויסבליען צו־שפּעט!

„שלאָגט גיך די וואָרצלען אין דער ערד
די בליטן שיסט אַרויס,
ווייל מיר צו לעבן איז באַשערט
נאָר טעג געציילטע בלויז!"

# שפיל און קאמף

די קערנדלאך זיי האָבן איר
בקשה נישט געהערט,
זיי האָבן זיך א לאַנגע צייט
פאַרזאַמט אונטער דער ערד.

און ווען זיי האָבן איר געשיקט
אַ בינטל בלומען־קעפּ,
געוועזן זיינען זיי פאַרקניפּט
מיט שטילן, שוואַרצן קרעפּ. . .

יולי, 1906



# ביינקענעש

א.

אין אַ דראָט־געפלאָכטן שטייגל,
אָפּ אַ פענצטער אויפגעהאַנגען,
שפּרינגט אַרום אַ קליין קאַנאַריק,
און פאַרפליצט דאָס הויז מיט קלאַנגען.

פרילינג־זיס און ווערמוט־ביטער,
גיסט ער אויס זיין שווערן קומער,
גיסט ער אויס זיין טיפע בענקשאַפט,
נאָך דעם ליבן, פרייען זומער;

נאָך זיין נעסט אין וואַלד אין טיפן,
צו זיין עלנטער געליבטער —
און ער רייסט זיך פון זיין תפיסה,
א פאַרביינקטער, אַ באַטריבטער.

דראָט איז האַרט, אַזוי ווי ס'האַרץ
פון די וואָס האַלטן אים געפאַנגען! —
און ער טרילערט און פאַרגייט זיך
און צעוויינט זיך אין געזאַנגען.

אַזוי זינגט ער אָפּ זיין לעבן,
דער געפאַנג'נער, זיסער זינגער;
גיסט אין טרעלן אויס זיין ווייטאָק —
ווערט זיין שווערער צער אים גרינגער.

ב.

אונטן, אין אַ גלעזערנער וואַזע,
אַף אַ קליינעם מאַרמאָר טישל,
שווימט אַרום אין מוטנע וואַסער,
צאַפּלט זיך אַ גאָלדן פישל.

אַך, ווי ר׳בענקט נאָך כינאַ׳ס טייכן,
וואו די פרישע קוואַלן שלאָגן,
וואו ער פלעגט אין זילבער־כוואַליעס
פריידיק, רוישיק, פריי זיך טראָגן!

און ער צאַפּלט זיך און רייסט זיך
פון זיין ענגער, וויסטער תּפיסה,
צו די זון־געקושטע שטראָמען,
צו די קוואַלן פרישע, זיסע!

גלאָז איז האַרט, אַזוי ווי ס׳האַרץ
פון די וואָס האַלטן אים געפאַנגען,
און ער גייט שיר אויס פון בענקשאַפט
און פון שפּראַכלאָזע פאַרלאַנגען.

וואָלט ער כאָטש ווי דער קאַנאַריק
אַף זיין גורל קאָנען קלאָגן! —
אַך, ז י י ן קומער איז אַ שטומער —
און ער מוז אים ש ט ו ם פאַרטראָגן! . . .

# מיניאַטורן

א. אירע אויגן

ב. געטער און געטינס

ג. אַן עצה פון אַ גוטן אידן

ד. זי. . .

ה. צו מיין מזל

ו איך האָב נישט צו דיר קיין פּרעטענזיעס

ז. דער פּאָרטשריט און איך

## שפיל און קאמף

# אירע אויגן

פון אונטער די ים'ן די זון שווימט אַרויף,
און שטאָלץ ווי אַ קעניגין אַלע אינדערפרי,
אין שוימיקע כוואַליעס דאָרט וואַשט זי זיך איין
און דענקט אַז פאַרטונקלען וועט אַלעם איר שיין:
זי דענקט אַז נישטאָ שוין קיין שענערס ווי זי
און קלעטערט מיט גאוה די הימלען אַרויף.

איר פנים געוואַשן, די שטראַלן צעקעמט
און שמייכלט קאָקעטיש פון הימל אַרויס;
דאָך ווי זי באַמערקט נאָר פון אויבן דעם בליק
פון דיינע צוויי אויגן — איז אוים מיט איר גליק,
זי נעמט זיך נישט איבער און האַלט זיך נישט גרויס —
און לאָזט זיך אַרונטער אַ רויטע — פאַרשעמט.

## געטער און געטינס

כ'האָב געטער געהאַט פיל אין לעבן
אוּן געטינס ניט קאַרג:
זיי זיינען איצט אַלע צעשטאָרבן,
— אַרונטער פון מאַרק!

איצט בין איך אַ גאָטלאָזער יתום —
אָן אבל אין שוואַרץ —
דאָך טרויער איך ניט נאָך די געטער,
עס בענקט נאָך די געטינס מיין האַרץ.

## אַן עצה פון אַ גוטן אידן

עס איז אַ כלל, וואָס וועגן דעם
מע דאַרף קיין סך נישט ברייען:
אַז וואויל איז דיר, אויב דו באַדאַרפסט
נישט באָרגן און נישט לייען.

נאָר האָסטו שוין קיין ברירה נישט —
נישטאָ קיין אַנדער מיטל —
זיי פאָרזיכטיג, למען השם,
נישט באָרג באַם פאַרד זיין היטל! ...

## שפיל און קאמף

### זי...

א.

אַן אומשולדיק, זון־בלאָנדער מלאך —
אַזוינס נישט געזען נאָך — איך שווער! —
אַ מלאָך, וואָס האָט דורך אַ צופאַל,
פון הימל פאַרבלאָנדזשעט אַהער.

זי קאָן אייך די פינסטערסטע יאָרן
פאַרוואַנדלען אין זוניקע טעג,
זי קאָן אייך באַפליגלען און ווייזן
צום סאַמע גן־עדן דעם וועג.

ב.

אַן אומשולדיק, זון־בלאָנדער שד'ל,
אַזוינס נישט געזען נאָך — איך שווער!
אַ שד'ל, וואָס האָט דורך א צופאַל,
פון גיהנום פאַרבלאָנדזשעט אַהער!

אַ קליפּה פון טייוול באַשאַפן:
דער איינציקער צוועק פון איר „זיין"‏;
איז שלעפּן דערוואַקסענע קינדער,
אין שאול תחתיה אַריין!....

## צו מיין מזל

פאָרטונאַ, דו שענסטע, דו ליבסטע!
איז רעכט פאַר אַ געטין ווי דו,
צו כאַפּן אַן עלטערן אידן
און שפּילן מיט אים „בלינדע קו״ ?

ווען דו רירסט מיך אָן מיט אַ פינגער —
איז נישט צו באַשרייבן מיין גליק! ——
נאָר וויל איך דיך אומאַרמען —
שפּרינגסט אָפּ ווי אַ פילקע — צוריק. . .

דו רייצסט מיך, און שלעפּסט מיך און רופסט מיך —
עס קלינגט דאָך דיין שטים אַזוי זיס!
און וואו נאָר אַ שטיין און אַ דאָרן —
צעקיילט און צעביילט מיינע פיס!

שפּרינגסט אונטער און קנייפּסט מיר אין בעקל,
ווען שטיפנדיק ווערסטו פאַרשייט:
די פאַרב פאַרשווינט גיך — נאָר די צייכנס
די בלויע — זיי טראָג איך אַ צייט. . .

דו שיסט אויס אַ ווילדן געלעכטער,
ווען כ׳ברעך מיין געניק, ווען איך פאַל,
עס טאַנצט דיר דאָס הערצל פאַר שמחה,
ווען מיינע באַגיסט זיך מיט גאַל. . .

# שפיל און קאמף

איז פיין פון דיר, שיינע פאָרטונאַ,
איז רעכט פאַר אַ געטין ווי דו,
צו כאַפּן אַן עלטערן אידן
און שפּילן מיט אים „בלינדע קו"

און שפּילסטו מיט מיר שוין אין „זשמורקעס",
טאָ בייט זיך אַמאָל כאָטש מיט מיר:
לאָז מיך דיר די אויגן פאַרבינדן,
און לאָזן זיך כאַפּן פון דיר! . . .



## איך האָב נישט צו דיר קיין פּרעטענזיעס

איך האָב ניט צו דיר קיין פּרעטענזיעס,
מיר האָבן פאַרשטאַנען זיך שלעכט:
מיין האַרץ האָט געביינקט נאָך אַ חבר
און דיינס — האָט געדורשט נאָך אַ קנעכט...

עס ווייסט ניט די מיינונג פון חבר,
די שטיינערנע האַרץ פון טיראַן:
עס דולדט ניט די ליבע קיין קייטן,
מען קאָן זי ניט צווינגען אין שפּאַן.

כ'איז אמת, דו האָסט מיר געשוואָרן,
מיין ליבסטע אף אייביק צו זיין —
נאָר, אַך, ביזט געוועזן דאַן שיכור,
פון לײדנשאַפט'ס שפּילנדן וויין.

און אויך דיינע גליענדע קושן —
איך האָב זיי מיט מיינע געקויפט:
דיין האַרץ איז צו מיינס דאָך קיינמאָל,
געוועזן פאַרקניפּט — בלויז פאַרשלייפט.

# שפיל און קאמף

ס'איז מסחר געווען דיין ליבע,
און איך האָב צו טייער באַצאָלט;
פאַר פאַלשע סיגנאַציעס פאַר'שאַכערט
מיין ריינע, מיין אמת'ע גאָלד.

דאָך, האָב איך צו דיר קיין פּרעטענזיעס,
כ'האָב טועה געווען זיך אין פּשט:
געזוכט האָב איך אייביקע ליבע,
געפונען — א האַרץ אף פּראָקאַט. . . .

אָקט. 24, 1903.



# דער פּאָרטשריט און איך

ווי די יאָרן אין תּפֿיסה,
ווי אבֿלים נאָך א מת,
שלעפּט זיך לאַנגזאַם, שלעפּט זיך באַנגזאַם —
אָ, ווי באַנגזאַם און ווי לאַנגזאַם! —
קריכט דער פּאָרטשריט, דער פּראָגרעס.

קלעפּיק, שלעפּיק ווי פֿון סמאָלע,
ווי פֿון פּעך זיין יעדער טריט.
און ער האַלט מיך ווי מיט צוואַנגען,
ווי אַ וויסטן שקלאַף, געפֿאַנגען,
און איך שלעפּ מיך, שלעפּ מיך מיט.

פֿאָרוועטס, פֿאָרוועטס וואָלט איך לויפֿן,
לאָזן פּאָרטשריט הינטער זיך,
האַלט מיך פּאָרטשריט פֿאַר די לאַצן —
און עס נודיעט ביז צום פּלאַצן!
און איך שלעפּ זיך און איך קריך.

# פון דעם לעבען
# פון די טויטע

א. באנייט דעם בית-עולם

ב. אפן עולם האמת

# באַנייט דעם בית־עולם

(באַלאַדע)

ס'איז לוסטיק באַם גבאי פון חברה קדישא,
מען הוליעט ביז שפּעט אין דער נאַכט:
ס'האָט חברה אַ סעודה אַ גרויסע געפּראַוועט,
א יומא דפּגרא געמאַכט.

מיט אַלערליי טאָרטן, מיט לעקעך און קיכלעך,
געבראָטענע עופות און פיש;
מיט געגזענע גריוון, מיט לאַטקעס און משקה
באדעקט איז אין גאַנצן דער טיש.

און זייט איר טשיקאַווע צו וויסן די סיבה
פון יום־טוב, וואָס גאָט האָט באַשערט,
טאָ זעצט זיך, זייט מוחל, איך וועל אייך דערציילן
דעם ספּור המעשה. אָט הערט:

ניט ווייט פון שטעדטל, באַם שאָסע,
וואָס ציט זיך דורכ'ן זאַמד,
געלעגן איז פון כמה יאָר,
אַ וויסטער פעלד פאַרצאַמט.

## שפיל און קאמף

מען האָט דעם וויסט־פאַרצאַמטן פעלד
געררופן: „ס'הייליק אָרט" —
דאָך קיין מצבות זעט מען ניט,
קיין איינציק קבר דאָרט.

עס סטאַרטשן מעלאַנכאָליש נאר
פון מיטן פעלד אַרויס,
אַ מאָך־באַדעקטער ברונען און
אַן אַלטע קברות־הויז.

נאָך האָט מען דאָרט קיין מענטשלעך אויג
מיט שערבלעך ניט בעלייגט.
נאָך האָט דאָס פעלד קיין אבל'ס טרער
אין זיך אַריינגעזויגט.

דאָך מיינט ניט, יענע קהילה איז
א יוצא מן הכלל:
דעם מלאך המות' חלף שעכט
דאָרט אויך, ווי איבעראַל.

עס שטאַרבן יונגע עופ'עלעך
און גרויע, אַלטע לייט —
דאָך פירט מען זיי מקבר זיין
אין שטאָט, פאַר מײלן ווייט.

## באַנייט דעם בית-עולם

דען איז אין שטעדטל ווער־עס־איז
געשטאָרבן, גאָט באַהיט,
דאַן האָבן אַלע קרובים זיך
פאַר'ן בר־מנן באַמיט,

משתדל זיך געווען פאַר אים
און איינגעלייגט די וועלט,
מען זאָל אים ניט מקבר זיין
ד ע ם ע ר ש ט ן אַפן פעלד. . .

אַ שאָק מיט יאָרן איז פאַרביי,
אַוועק אַ לאַנגע צייט,
און אַלט איז שוין דאָס הייליק אָרט,
דאָך איז עס ניט באַנייט:

פאַרראָסט איז שוין דער טויער־שלאָס,
דער אַלטער פאַרקאַן פוילט,
דאָס פוסטע קברות־שטיבל נאר
אומזיסט די קינדער גרוילט. . .

עס וואַרפט אַ וויסטן אומעט בלויז
דער אַלטער פאַרקאַן, שטום,
און הילט אין מרה־שחורה איין
די סביבה ווייט אַרום. . .

* * *

## שפיל און קאַמף

דאָך איינמאָל האָט גאָט די קהילה באַגליקט
און האָט ווי פון הימל אַ מת זיי געשיקט
פאַרן פּוסטן און וויסטן בית עולם —
אַן עלנדן אורח וואָס האָט ניט געהאַט
אין שטעדטל קיין קלאָגער, קיין ריכטער, קיין צד —
ניט איבערגעלאָזט קיין אבלים. . .

אַן אַלטינקער בטלן, אַ גרייז־גרויער איד,
אין דרייען געבויגן, פאַרהונגערט און מיד
און טרוקן און דאַר ווי אַ ברעטל;
די אויגן — פאַרצויגן, די אויערן — טויב,
פאַרוואַקסן מיט האָר און פאַרלייגטע מיט שטויב —
באַווייזט זיך אַף שבת אין שטעטל.

ס'איז פרייטיק נאָכמיטאָג, די מאָגנס פאַרנייט,
דער טשאָלנט איז פאַררוקט שוין, די טישן געגרייט,
העל שימערן לייכטער און מנורות. . .
און נחום דער שמש „אין שול אַריין" רופט;
שוין שוועבן און טראָגן זיך אום אין דער לופט
די זיסע נשמות יתרות. . .

און אָט פאַלט אַרונטער די הייליקע נאַכט,
די שול איז שוין אָפן, זיין קראָם האָט פאַרמאַכט
דער לעצטער פאַרשפּעטיקטער קרעמער;

## באַנייט דעם בית-עולם

דער אַלטינקער אורח, דער גרייז-גרויער איד,
פאַרשלעפּט זיך אין שול קוים מיט לאַנגזאַמע טריט,
פאררוקט זיך אַהינטער'ן בעלעמער. . .

נאָך מעריב, עס שטעלט זיך דער אַלטער באַם טיר
און ס'גיט אים דער שמש אַ פּלעט בא דעם גביר,
באַם קצב פון שטעדטל, רב לייזער;
געזעצט האָט רב לייזער זיין אורח באַם טיש
און שטעלט פאַר אים משקה און שטעלט פאַר אים פיש,
געמעגט האָט עס עסן דער קייסער! . . .

און נוקעט: „ר' קרוב, וואָס עסט איר ניט? עסט!
געפעלט אייך ניט אפשר חלילה מיין קעסט?
איר זיינט דאָך לגמרי קיין עסער! —
דער העכט האָט געצאַפּלט ערשט היינט אינדערפרי,
דאָס פלייש — היינט געשאָכטן, באמונה שלי —
דאָס עוף איז פון אונטערן מעסער! "

דאָך גייט עס דעם אַלטינקען אורח ניט איין
קיין עסן, קיין טרינקען; אום יוצא צו זיין,
פאַרזוכט ער נאר בלויז די געקעכצן;
באַם מענטשן שזין וויגט זיך פאַרמאַטערט זיין קאָפּ,
עס כריפּן די טענער און רייסן זיך אָפּ,
פאַרגייען אין זיפצן און קרעכצן. . .

## שפיל און קאמף

נאָך וועטשערע בעט זיך דער אַלטער אַן אָרט
צו רוען (ער ציט קוים אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט) :
„בין עפּעס. . . לא עליכם. . . גאָר חרוב;
אוי, ביטער ווי סם. . . צו זיין עלנד און אַלט,
בעט אוים מיר באם אויוון. . . מיר איז אַזוי קאַלט!
בעט אוים מיר באם אויוון, רב קרוב! . . .

און ווען ס'האָט אין מזרח־זייט הייליק ערוואַכט
דער שבת פרימאָרגן אין גילדערנער פּראַכט,
געווען איז דער אַלטער מסוכן:
האָט ודוי געשעפּטשעט אַזוי ווי אין טרוים,
די קויל־שוואַרצע ליפּן באוועגנדיק קוים
אין גוסס־גרימאַסן און צוקן. . .

— — — — — — — — — — —

געשטאָרבן דער אַלטער,
שוין ליגט ער אַ קאַלטער,
אַ הייפעלע ביינער און הויט;
זיך לאַנג ניט געמאַטערט,
האָט לאַנג ניט געפּלאַטערט
אין וואָג־שאָל פון לעבן און טויט.

געלעבט און געשטאָרבן,
אַן עלנדער קרבן,
פאַרוואָגלט, באַליידיקט, פאַרשעמט;

## באַנייט דעם בית-עולם

פון קיינעם באַדויערט,
פון קיינעם באַטרויערט —
אַן עלנדער מת אין דער פרעמד! . . .

מיט כבוד באַטראַכט אים,
די אויגן פאַרמאַכט אים,
גלייכט אוים זיינע טויט-קאַלטע גלידער!
דאָס לעבן צעשיידט אונז,
ס'פאַראייניקט דער טויט אונז
און לערנט מיט אונז פון איין סידור. . .

מיט שוואַרצן באַדעקט אים,
אַצינדערט ניט פרעגט אים
פון וואַנעט ער שטאַמט און פון וואו;
ר'איז מער קיין בעל-קצבה,
ער איז אַ מת מצוה,
וואָס וואַרט אַף זיין אייביקער רו. . .

* * *

ס'איז לוסטיק באַם גבאי פון חברה קדישא,
מען הוליעט ביז שפעט אין דער נאַכט;
ס'האָט חברה א סעודה אַ גרויסע געפראַוועט,
א יומא דפגרא געמאַכט.

## שפיל און קאמף

מיט אַלערליי טאָרטן, מיט לעקעך און קיכלעך,
גע׳בראָטענע עופות און פיש,
מיט געגזזענע גריוון, מיט לאַטקעס און משקה —
באַדעקט איז אינגאַנצן דער טיש;

די פיש איז געראָטן, עס „ווינט" אַזש דער בראָטן,
עס פעלט ניט קיין פעפער, קיין זאַלץ;
די יויך איז באצויגן מיט גילדערנע אויגן,
עס שווימען די לאַטקעס אין שמאַלץ!

אין אַטלעס געפּוצט, אויבנאָן זיצט דער גבאי,
אַרום — די געלאַדענע געסט;
די גבאי׳טע פאַדעט אַרום אַ פאַרפּלאָנטע
און בעט זיך: „עסט, קרוינעלעך, עסט!"

עס פאָלגן די געסט זי — פאַרשלינגען פּאָטראַוועס,
און כוס׳ען נאָך יעדן געריכט;
עס פינקלט די משקה אין פלעשלעך און גלעזלעך
און שפּילט זיך אף יעדנס געזיכט.

עס פינקלט די משקה, עס־הילכן לחיים׳ס,
עס קלינגען די כוסות צום טאַקט;
עס ברענען די אויגלעך ביי חברה קדישא —
מע פילט בגילופין — פאַרקנאַקט!

## באַנייט דעם בית־עולם

פאקנאַקט איז די חברה, דער גבאי אַליין נאר
א ניכטערער זיצט אויבנאַן;
זיין שטערן פאַרוואָלקנט, ווי קרייד איז זיין פנים,
אים גייט גאָר די שמחה ניט אָן.

ער טרינקט ניט, ער עסט ניט און הערט גאָר די געסט ניט,
ער זיצט אַ צעטראָגענער, שטום,
און גלאָצט אױף די פענצטער און טירן מיט אימה
און קוקט זיך מיט פחד אַרום. . .

געענדיקט די סעודה, דער עולם צעגאנגען,
די טירן און לאָדן פאַרמאַכט;
דער גבאי אַליין אין זיין שטוב איז פאַרבליבן.
דער קלויסטער־גלאָק קלינגט האלבע נאַכט. . .

זיך שאָקלענדיק לייענט איצט קריאת־שמע דער גבאי,
עס טרייסלט אים איטליכעס גליד:
„איך גיב אין דיין האַנט מיין נשמה דיר איבער —
באַשירעם מיך, גאָט, און באהיט!"

האָט קריאת־שמע געלייענט, געקושט די מזוזה,
די ציצית צוקאָפּנס פאַרשטעקט,
דאָך עגבערט זיין מח אַ שוואַרצע מחשבה
און פייניקט אים גרויזאַם און שרעקט. . .

# שפּיל און קאַמף

און קוים האָט דער דרימל דער ערשטער פאַרוויגט אים,
געפאַנגען, גענומען אין פלען,
אים איבערגעענטפערט אין האַנט צום בעל־חלום,
האָט פּלוצלונג דער גבאי דערזען —

ווי ס'שפּאַלט זיך אַ פרישער, אַן איינזאַמער קבר,
אינמיטן דער פינצטערער נאַכט:
דער בטלן אין שפּאָגל־נײַ ווײַסע תכריכים,
פון אָפענער גרוב האָט ערוואַכט....

און טרייסלט אַראָפּ פון זיין טלית און קיטל
די ערד אין דער אָפענע גרוב,
און גיט זיך אַ לאָז פון בית־עולם צום שטעדטל...
שוין שטייט ער באַם גבאי אין שטוב!

שוין קלעטערט זיין שאָטן, ביים שיין פון לבנה,
אַרום אַף די פינצטערע ווענט,
און טענה'ט און שאָקלט זיך ווילד און משונע;
און מאַכט מיט די וואַקסענע הענט:

„דו האָסט מיך מבייש געווען און באַליידיקט,
געלייגט אפן פעלד דאָרט אַליין,
איך קאָן נישט פאַרטראָגן דעם אומעט, די בושה...
ר' גבאי, דו מוזט מיט מיר גיין!...

## באַנייט דעם בית־עולם

„דאָרט וועלן מיר ביידע דעם אַלטן בית־עולם
באַנייען — ס'איז מער ניט ווי רעכט,
אַז דו זאָלסט מיר העלפן פאַרטרייבן דעם אומעט
פון לאַנגע און איינזאַמע נעכט! . . . ״

* * *

דער גבאי איז מער שוין פון בעט ניט אַרונטער,
געשטאָרבן דיזעלביקע נאַכט. . .
דער בטלן איז מער שוין אַליין ניט געלעגן —
מען האָט אים אַ שכן געבראַכט.

21־טן יוני, 1896.



# אַפין עולם האמת

(באַלאַדע)

שוין זיינען די מתים פון דאַווענען געקומען
אין קיטלען אין ווייסע געקליידט,
און זיינען בשלום אַריין אין די קברים,
נאָך איידער אַ האָן האָט געקרייט.

שוין שלאָפן די טויטע פון גאַנצן בית עלמין,
צופרידן מיט זיך און דער וועלט;
דאָך שטייט נאָך א בר־מנן צווישן די קברים
און קאָכט זיך און זידלט און שעלט:

„אַרויס פון מיין קבר, דו שייגעץ, דו חצוף,
ווי קומסטו אַהער — אויבן אָן ? !
אין כאַפערלעך שפּילסטו דאָ, וואָס? — דרך ארץ
פאַר מיר — פאַר דער גילדענער פאָן!

„געפעלט אייך אַ חוצפּה! אַ שוסטער זאָל קריכן
אין קבר פון כאַצקל דעם גביר!
אַרויס, דו קאַפּול, מאַרש! — צוריק אין דיין נאָרע
ביים פאַרקאָן, ווי ס'פּאַסט זיך פאַר דיר!

# שפיל און קאמף

„געפעלט אייך אַ העזה, דאָס קאָן נאָר אַ שוסטער,
האָסט קוים זיך אַ מקום דערטאַפּט!
העי, גייסט ניט מיט גוטן? — איך לויף צום — פריץ"
נאָר דאָ האָט דער מת זיך פאַרכאַפּט. . .

אַזוי האָט גערעדט רב האַצקל, דער עושר,
א מת אַ געזונטער, אַ כוואַט,
אַף בערקען דעם שוסטער, אַ קאַרליק, א חלוש —
האָט שטאַרבן קוים כח געהאַט. . .

דאָך ליגט ער זיך, בערקע, און רירט זיך פון פלעק ניט,
איז תקיף, ער איז אפן פערד;
עס הערט זיך פון קבר אַ דומפּיגע שטימע:
„כ'האָב דיך מיט'ן פריץ אין דר'ערד!

„דו מיינסט, אַז דו ביזט נאָך אפן עולם השקר
און ביזט נאָך דער שטאָט־בעל־הבית?
א חשוב ביים פריץ, אַ קנאַקער ביים רבי'ן,
און פירסט נאָך גאַנץ קהל פאַר'ן נאָז?

„דו מיינסט ביזט נאָך פּרנס, דאָס אויבערשט פון שטויסל —
רב האַצקל, דער מלוה, דער גביר:
פון שטעטל די קישנס, די לייכטער, די פאַנען
נאָך ליגן פאַר'משכנ'ט בא דיר?

## אפן עולם האמת

„ווען דו האָסט באַראַבעוועט אָרימע כלות —
דיך האָט ניט גערירט קיין געוויין —
באַ׳גזל׳ט אלמנות און בידנע יתומים,
פאַרשאָלטן זאָל זיין דיין געביין! —

„דיר גייען צו חלום אַמאָליקע יאָרן,
ווען דו האָסט געשונדן פּראָצענט
און האָסט מיט אַ וועקסל אַ פאַלשן — דו גזלן! —
געריבט בא מיר מיינע פיר ווענט?

„איצט דאַרפסטו אַ קבר? גיי נעם זיך מיין חורבה,
ס׳איז דיינס, האָסט זי כשר פאַרדינט...
שוין פּסול פון לאַנג איז באם טיר די מזוזה —
עס וואוינען דאָרט שדים אַצינד!...

„דו האָסט באַ מיין לעבן מיין באַטקע פאַרנומען,
דו פיינער, דו כשר׳ער איד!
איצט האָב איך דיין קבר — ס׳איז ריכטיק דער חשבון —
רב באַצקל, מיר זיינען איצט קוויט!״

* * *

רב באַצקל, ער שטייט בא זיין קבר און ציטערט,
עס וואַרפט אים אַ צאָן אָן א צאָן;
עס גרוילט אים און פּייניקט אַ פינסטערע אימה,
עס זאָל ניט אַ קריי טאָן דער האָן!...

## שפיל און קאמף

דאָך איילט זיך ניט בערל און לייענט דעם רייסטער
פון שוואַרצע, פון שרעקלעכע זינד;
עס בורבלען די פּאַרמעטענע ליפּן רב כּאַצקל׳ס:
„אוי, ווי מיר, אוי, ווי מיר און ווינד!"

און בערל ער לייענט און לייענט, און דורך די
מצבות צעטראָגט זיך זיין קול;
עס טרעפן די ווערטער פון שוסטער ווי פיילן
אין האַרצן דעם פירער פון קהל.

* * *

עס שטייט אַ געפּלעפּטער, אַן אָרימער עושר,
אין נאַכטלעכע שאָטנס געהילט,
א מת, וואָס האָט נעבעך זיין גאַנצן פאַרמעגן —
זיין קבר, פאַרלאָרן, פאַרשפּילט! . . .

נעמט גאָר זיין עשירות, זיין תקיפות, זיין יחוס
און גיט אים זיין אייביקע רו;
אויב ניט, ווערט ער פאַרלאָרן אין עולם התוהו —
קיין מת זאָל ניט קומען דערצו! . . .

* * *

## אפן עולם האמת

איצט וואַלגערט אין שטויב זיך דער שטאָלץ פון רב
כּאַצקלען,
ער גייט שוין מיט סטירדעס ניט מער;
ער רעדט שוין פון יושר, ער רעדט פון רחמנות —
ער שיסט מיט די לעצטע געווער! . . .

דאך טויט איז רחמנות בא בערלען אין האַרצן,
ער איז טויב צו רב כּאַצקל'ס געבעט;
ער לאָבט זיך אין קבר מיט זיסער נקמה
און ענטפערט דעם גביר מיט געשפּעט:

דיר פעלט איצט א קבר, גיי נעם זיך מיין חורבה —
ס'איז דיינס, האָסט זי כשר פאַרדינט! . . .
דו וועסט דאָרט, רב כּאַצקל, געפינען דיין גלייכן
גיי, וואוין מיט די שדים אַצינד! "

דאָך פלוצלינג פאַרשטומט ער, דער קול פונ'ם קבר,
עס הערט זיך אַ קריי פון אַ האָן! . . .
— — — — — — — — — — — — —

אין חורבה איז יום טוב, עס טאַנצן די שדים:
זיי האָבן אַ טייערן גאַסט אפן בוידים —
אַ גאַסט פון דער גילדערנער פאָן. . . .

* * *

רב כאַצקעל'ס אלמנה, זי קומט חודש אלול
און תשעה באב יעטוועדן יאָר
און קלאַפּט אינ'ם קבר: „מיין מאַן! מיין נשמה!"
און יאָמערט און רייסט זיך די האָר!

און בערל ליגט אונטן און קייכט פון געלעכטער —
עס גייט אים שוין אָפּ גאָר דעם כעס —
עס קייכן די מתים פון גאַנצן בית־עולם,
ווען בערל דערציילט זיי דעם שפּאַס. . .

עד־היום ווייס קיינער, אַז חאַצקל איז צווישן
די שדים ביי בערל'ן אין הויז. . .
דאָס האַלטן די מתים בסוד. און, איר ווייסט דאָך, —
א מת זאָגט פון חדר ניט אויס! . . .

דעצעמבער, 1896



# ליריש
# און סאַטיריש

א. צום פעגאַזוס

ב. אַ פאָרוואָרט

ג. תפילה למאַמאָן

ד. טאָג און נאַכט אין הימל

ו. אַ געזאַנג צו ביר

ז. ווען נישט חלילה ער! . . .

ח. דער קולטורעלער אייזל

ט. די שוואַרצע בלאָנדינקע

## צום פעגאַזוס

באַפליגלטער, פלינקער פעגאַזוס,
הער אויס מיין פאַרלאַנג, מיין געבעט! —
(פאַרגיב מיר, איך בעט דיך, מיין עזות,
בין ליידער קיין גרויסער פּאָעט.

נאָר גאָרנישט, צווישן אונז זאָל עס בלייבן,
דאָס וועסטו דאָך מודה זיין מיר —
אַז ניט גאָלע שעקספּירס זיך טרייבן
אַרום זיך כסדר אַף דיר. . .)

אַך, נעם מיך צו זיך אַף די פּלייצעס
און טראָג מיך דורך לאַנד און דורך לייט —
איך טו דיר אָן פּאַמעטענע לייצעס,
אַ זאָטל פון אַטלעס און זייד!

איך שיינק דיר אַ גאָלדענע ציימל,
מיט עקן פון פּיזעם באַפּוצט,
וואָס שטאַמען פון ליבאַוויטשערס שטריימל,
וואָס ער האָט צום סדר באַנוצט.

## שפיל און קאמף

איך טו דיר אָן זילבערנע גלעקלאַך,
מיט פּאָדקאָוועס פיינע פון גאָלד,
געגעגלט מיט דימענטנע טשוועקעלאַך —
דאָס שיינע, איך וויים, האָסטו האָלד;

די גלעקלאַך וועלן קלינגען און זינגען
צום טאַקט פון דיין פלינקן גאַלאָפּ;
פון בראָנזוויל ביז רוים וועסטו שפּרינגען —
פאַריסן מיט גאווה דעם קאָפּ!

פון רוים — מיט איין שפּרונג — גאָר אַ חידוש! —
אין אונזער ליב היימלאַנד אַריין —
נאָר היט זיך! ניט הירזשע אָף אידיש
אין אידנלאַנד, פּעגאַזוס דו מיין!

(קנאים פון שבט „העברייער", —
זיי קאָנען אונז פּאַקן — ניט לאַך! —
און אויסשניידן פּשוט די מאַנדלען
פאַר דבר'ן די אידישע שפּראַך!)

און גרינינקע זאַנגען מיט האָבער
באַטויבט און געקושט פון דער זון,
וואָלט איך שוין געקויפט פאַר דיר, אָבער,
איך וויים אַז דו האַלסט ניט דערפון.

### צום פּעגאַזוס

אַז הײַ האָסטו ליב נאָר אין סידור,
מיט קלינגענדע ריפּמען פאַרבראָקט —
נו, וועל איך דיך שפּײַזן מיט לידער,
מיט פּערזן געשליפן, געטאָקט.

אױף אָנבײַסן קריגסטו סאָנעטן;
אױף מיטאָג — אַ לידער־סאַלאַד;
אין אָװנט — באַלאַדן־קאָטלעטן —
כאָטש נעם שטעל אַרײַן זײ אין בלאַט!

פון קעלטן, פּעגאַז, וועט דיך װאַר׳מען
און שיצן מײַן „געטלאַכער פּונק״;
מײַן חכמה־קוואַל וועט זיך דערבאַר׳מען
אױף דיר, ווען דו׳סט וועלן אַ טרונק.

נאָר נעם מיך אַרויף אױף די פּלײצעס,
און האַידאַ — אַוועק אין דער ווײַט,
וואוהין? — אַך, נישט פרעג מיך קײן עצות. . .
איך לאָז אָפּ אינגאַנצן די לײצעס,
און טראָג מיך דורך לײַט און דורך צײַט.

## שפיל און קאמף

# פאָרוואָרט

(צו 19 בענד „קונדס", וואָס איך האָב געגעבן
שלמה ראובן וואַכטעל — אַ מתנה.)

איך גיב דיר דאָ, מיין פריינט, דעם גאַנצן קונדס־ש"ס,
ווי איך האָב אים מקבל געווען פון הר פּאַרנאַס —
דעם מוזען־באַרג,
וואָס אַף זיין קארק
עס וויינען די סאָלידע געטער
און עס לאַכט דער גאָט פון שפּאַס.

ווען דו האָסט מיין קונדס ש"ס אַדורכגעבלעטערט,
וועסטו דאָרט געפינען
אַלע חכמות מיינע, מיט און אָן אַ זינען;
ווי איך האָב געדונערוועטערט
ביינצן לאַנגע יאָרן;
ווי עס האָבן צער און צאָרן
זיך געפּאָרט מיט הומאָריסטיק,
ליבע — מיט סאַדיסטיק;
ווי איך האָב געשטורמט אַלע גלעקער
און גערופן צו מלחמה
קעגן צביעות, שונד און שקר;
ווי איך האָב דעם בידנעם יושר צוגעטוליעט

# פאַרוואָרט

צו מיין ברוסט,
ווען רציחה, ווילד־צעהוליעט,
האָט זיין בלוט געגלוסט. . .
ווי איך האָב דעם נאַקעטן אמת,
מיר און טויער אויפגעמאַכט,
ווען פאַרבלאָטיקט און פאַרבלוטיקט,
נאָך אַ שווערער שלאַכט
מיט דעם שקר, האָט ער אָנגעקלאַפּט מיין טיר.
ווי איך האָב אים זיינע וואונדן
אויסגעוואַשן און פאַרבונדן.
און — געקרעפטיקט און דערמוטיקט —
האָבן מיר זיך הויך צעלאַכט
און דעם שקר אומגעבראַכט!

קורצום: אַלע שטורעמדיקע שטונדן
פון מיין קנודם לעבן,
האָב איך דאָ אַריינגעגעבן
אין די קונדס־שפּאַלטן.
כדי עס זאָל זיך בעסער האַלטן,
האָב איך זיי דאָ איינגעבונדן,
מאַרינאָוו'אירט אין „זאַלץ און פעפער",
כדי זיי זאָלן נישט חלילה ווערן קאַליע
און פאַרשעמען זייער שעפער.

# שפּיל און קאַמף

ליבער וואַכטל! —
ווען אַ מידער און אַ מאַטער
אין אַ פויל און פּייכט פּאַרנאַכטל,
וואָס באַגליקט אַ זיבן־אַכטל
פון דער מענטשהייט מיט אַ קאַטער —
קומסטו פון די אַלטע וועלדער
פון הלכה און פון תורה,
(וועלכע וואַרפן אָן אַ מורא
נישט נאָר אויף אַ פראָסטן אידן פון אַ פּראָסטן טאַטן,
נאָר אפילו אויף אַן אַדוואָקאַט בן אַדוואָקאַטן.)
אָדער קומסטו פון דעם ים דעם טיפן,
וואו געזונקען זיינען דיינע שיפן,
(יעדער שיף פון צוואַנציק טאָן,
אָנגעלאָדענע מיט „בריפן"
פאַר אַ „קיים" און „סופרים קאָרט" אין וואַשינגטאָן,)
און א שוואַרצע מרה שחורה,
ווי אַ ווילד־צערייצטע כוואַליע,
שפּרינגט אַרויף אויף דיר מיט אימפּעט
און דו פילסט, במחילה, דאָסיק,
ווי א איד וואָס ליגט אין קימפּעט
און ער האָט נישט וואָס צו האָבן —
אָדער סתם גאָר מעלאַנכאָליש ווי א פּסוק
פון האַמלעט, באַם קבר גראָבן —
נעם א מעסטל קונדס־וויצן,
מיש זיי דורך מיט „פעדער־שפּריצן",
טרינק עס אויס, ס'איז גוט צום שוויצן. . .

# פאַרוואָרט

נאָכדעם, לאָז זיך אויסרייבן די ביינער,
(און אַרויסציען אַ צוויי־דריי ציינער)
פון בעל דבר, ביזט דו וועסט דערזען בליצן,
און ס'וועט זיין דיר צו רפואה.

פילסטו אָבער אַלץ נישט בעסער,
איז פאַראַן בלויז איין ישועה:
לייג זיך גלייך „אונטערן מעסער״ !
לאָז זיך מאַכן
אַף די מוסקעלן פון לאַכן
די געווויסע אָפּעראַציע,
און איך גאַראַנטיר דיר אַ קוראַציע! —
מעלאַנכאָליע, מרה שחורה
וועלן פליען גיך און גיכער
ווי געשטויסן פון אַ וויכער,
ווי סע יאָגן פלינקע רוחות,
מיט א הייסער ליבע־שליחות
פון דעם אַשמדאי צו זיין לילית.

— — — — — — — — — — —

נעם־זשע צו מיין ליבן קונדס־ש״ס,
ווי איך האָב אים פון דעם באַרג פאַרנאַס,
וואו סאָלידע געטער ווייגען ביטער,
(ווייל מע זינגט זיי שירה דאָרט מיט — ריטער)
און סע לאַכט דער גאָט פון שפּאַס.

יאַנואַר, 1930

שפּיל און קאַמף

# תּפילה למאַמאָן

אַלמאַכטיקער גאָט, אַלוועלטלאַכער פירער,
דו גרויסזאַמסטער, שרעקלאַכסטער, שטאַרקער רעגירער!
נאָר דיר אַליין דין איך — איך האָב דען אַ ברירה?
און — גאָט! — איך בין מודה — איך דין דיך פאַר מורא...

מיין האַרץ איבערפילסטו מיט אַנגסט און יסורים,
איך ציטער פאַר דיר, ווי אַ בלאַט אין אַ שטורם;
פאַרן הימלשן בורא — דאָס שווער איך דיר הייליק!
האָב איך ניט קיין פּחד אַ טויזנטן חלק...

און וואָס איז דער חידוש, וואָס איז פאַר אַ וואונדער?
דו ווילסט זיך ניט פאַשן מיט אָקסן און רינדער —
אַ שעפּסל, אַ קעלבל שטעלט דיר ניט צופרידן
אַזוי ווי יעהאָוואַה'ן, דעם גאָט פון אונז אידן...

יאָ, דיר שמעקט דאָס פלייש נאָר פון מענער און פרויען,
וואָס זייען און שניידן און וועבן און בויען;
דו פאָדערסט פאַר אָפּפער די בראַווסטע און בעסטע,
די איידעלסטע, מוטיקסטע, קליגסטע און גרעסטע!

## תפילה למאמאָן

מיליאָנען מזבחות, מיליאָנען כהנים,
שעכטן מיט פרומקייט אַף אַלע אופנים,
מיט בליסטשענדע מעסערס, מיט ברייטע חלפים —
און ס׳פאַלן קרבנות אין אלפי אלפים! . . .

עס רוען קיין רגע דיינע נעגל און ציינער
און בלוט זויפסטו ימים און ס׳קנאַקן נאָר ביינער,
דורך טאָג און דורך נאַכט און עס נעמט גאָר קיין סוף ניט! —
אַ „הנה לא ינום", דיך נעמט אויך קיין שלאָף ניט! . . .

און מער נאָך פון קראַנקייט, פון בייזע מזלות,
פון פרויען ארורות, פון תוכחה — קללות,
פאַרהאַס איך דיך, מאַמאָן! — דאָך, היט איך דיין תורה,
ווייל, כ׳זאָג דיר דעם אמת — איך האָב ניט קיין ברירה.

אַ, גרויזאַמער גאָט! אַ יעטוועדער קען אים,
ר׳איז ערגער פון אשמדיא, — שר פון גיהנום. . .
דאָך האָט ער אויך מעלות, וואָס שטילן מיין צאָרן:
אליין פאַר זיך בויט ער זיין פינצטערן אָרון,

און גראָבט זיך זיין קבר אַלץ טיפער און ברייטער,
און אויך די תכריכים אַליין פאַר זיך נייט ער,
און נעמט שוין דער קבר צו זיך אין זיין שויס אים,
איז שטייט ער ניט אויף מער קיין תחית המתים.

יאַנואַר, 1902

## שפיל און קאמף

# נאַכט און טאָג און הימל

חיה אחת יש ברקיע: וכשהוא יום,
אות אמת במצחה, וידעים המלכים
שהו יום וכשהוא לילה אמות אמונה
במצחה, וידעים המלכים שהוא לילה.
(ברכות)

א.

אין פינצטערע שאָטנס, אין פּעכיקע וואָלקנס
גענויקלטע ליגן די הימלען;
אין חושך פאַרזונקענע ליגן צדיקים,
אין גילדערנע קרוינען און — דרימלען.

און כראָפּן ווי מידע פורמאַנעס, להבדיל,
וואָס קומען פון וויטע נסיעות;
עס זעגט דורך די הימלען אַ הייליקער כראָפּן,
אַ, כראָפּן, ווי שברים און תקיעות.

מלאכים און שרפים זיי פליען און יאָגן
ווי שדים אין פּעכיקן אויר
און קיינער דערקענט אין שוואַרצער מהומה,
זיין אייגענעם ברודער, זיין חבר. . .

## נאַכט און טאָג אין הימל

זיי וואָגלען אַרום ווי פאַרשטויסענע גייסטער,
פאַרשאָלטן פון אייביקע קללות,
און קוויטשען און שעלטן ווי ווייבער, להבדיל,
אין פינסטערע שרעק און בהלות.

זיי שטויסן זיך, רייסן זיך, ברעכן די פליגלען
אין וויסטן, אין בלינדן געטימל;
מיט פעדערן געפליקטע פון זייערע גופים,
פאַרזייט און פאַרשנייט איז דער הימל.

ס'איז נאַכט איצט אין הימל, עס גלאָצט פון דער
פינצטער
ס'געזיכט פון אַ חיה משונה;
עס בלענדט אַף איר מצח דורך חושך און תהו,
דער נאַכטישער צייכן: א מ ו נ ה. . .

ב.

דורך בלייענער גרויקייט, סאַפירענער בלויקייט,
פרימאָרגנט אין הימל — עס דעמערט און העלט;
ווי פליענדע רייטער אַלץ גיכער און ווייטער,
פאַרשווינדן די שאָטנס פון הימל־געצעלט.

אַזוי ווי אַ טייערער, זיידענער, נייער
פרוכת, מיט בליענדע שטערן פאַרזייט;

## שפיל און קאמף

פון מזרח ביז מערב, פון צפון ביז דרום,
ליגט הייליק און לויטער דער הימל פֿאַרשפּרייט.

די נאַכט איז פֿאַרגאַנגען, מיט שחרית־געזאַנגען,
שפּאַצירן צדיקים אין בלויען סאַפּיר;
געהייליקט, גערייניקט, אין קדושה פֿאַראייניקט
און זינגען דעם בורא אַ שיר נאָך אַ שיר.

מלאכים און שרפים — איצט שוועבן ווי געטער
אין כיתות פֿאַרברידערט, אין אחדות פֿאַרקניפּט,
און דריי מאָל געהייליקט אין ליכט פֿון דער שכינה,
און איינער אין צווייטן ווי טויבן פֿאַרליבט.

ס'איז טאָג איצט, אין הימל! דער בלינדער געטימל
איז אָפּ מיט דער פֿינצטערער, פּעכיקער נאַכט;
אַ בשורה אַ נייע, שטראַלט איצט באַ דער חיה
אַפֿן שטערן אין בליענדער, גליענדער פּראַכט.

געוועבט און געשפּונען פֿון אייביקע זונען,
ז'די בשורה די נייע, דער שטראַליגער רמז:
עס ליכטיקט אַצינד, באַ דער חיה אפֿן שטערן,
דער זוניקער טאָג־צייכן: א מ ת.

סעפּ. 7. 1907.

# אַ געזאַנג צו ביר

(אַ־לאַ פּאָו)

הער דאָס קלינגען פון די גלעקער וועגן ביר —
קאַלטן ביר!
ווי סע לאָקט מיט גאָלדענע גליקן אָן אַ שיעור!
ווי די גליקן פינקלען, פינקלען
אין דעפּרעסיע'ס שווערער נאַכט
און באַשיינען אַלע ווינקלען,
מיט אַ טאַנצנדיקן שמינקלען,
מיט אַ טרוימנדיקער פּראַכט!
פון יבשה און פון ים,
טראָגט זיך שוין דער ליבער טעם,
פון דעם שוימנדיקן בראַי —
פראַנק און פריי —
פון די ברויזן וואו סע ברויזט זיך אָן אַ שיעור —
ביר, ביר, ביר,
ביר, ביר, ביר —
טרוימענדיקער, שוימענדיקער, קילנדיקער, שפּילנדיקער
קאַלטער ביר! . . .

---

*) געשריבן אין אַפּריל 1933, ווען דער פאַרבאָט אף ביר איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. יענער אַקט איז דעמאָלט מיט גרויס פרייד און יובל־געזאַנג באַגריסט געוואָרן פון דער פרעסע ווי א רפואה צו דעם עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס האָט יענעם ווינטער גהערשט צום שרעקלאַכסטן, ווען אַכצן מיליאָן אַרבעטער זיינען געווען אָן אַרבעט.

## שפּיל און קאַמף

הער דאָס שאַלן אין די בלעטער וועגן ביר — פּילזער ביר!
ווי סע זינגט און קלינגט און ווינקט צו מיר מיט דיר!
באַלד שוין וועלן גלעזער קלינגען,
זייער גלעזערנעם געקלאַנג;
באַלד שוין וועט מען „סקונערס" שווינגען
אין דער לופטן, מיט געזאַנג;
באַלד שוין וועט מען פּיסלאַך הויבן
און אַ טענצל זיך דערלויבן —
ביר, ביר, ביר, ביר,
ביר, ביר, ביר —
אַ רפואה
צום געשוויר
פון דעפּרעסיע וועט דאָס זיין —
וואויל און פיין.
מ'עט נישט וואַרפן פון דער דירה —
ס'איז געקומען די ישועה! —
שטאַרקער, העכער, קלינג מיין לירע!
זינג מיין שירה!
באַלד וועט זיין שוין ברויט מיט זאַלץ,
פלייש מיט שמאַלץ
און אַ קליידל און אַ שוך,
און אַ טעאַטער און אַ בוך,
און אַ ראַדיאָ און מוזיק,
„קעניג ליר" און „יאָשע קאַלב";
יאָ, מיט פרילינג'ס ערשטער שוואַלב,

# אַ געזאַנג צו ביר

קומט צו אונז דאָס גרויסע גליק: —
ביר, ביר, ביר,
ביר, ביר, ביר —
ישועה׳דיק־רפואה׳דיקער, פּילזער ביר!

הער דאָס פּויקן אין די טאַצן וועגן ביר, —
לאַגער ביר!
ביז די טאַצן שיר ניט פּלאַצן פון דעם פּויקן אָן אַ שיעור!
ס׳האָט „פּראָספּעריטי" זיך שוין געטאָן אַ ריר! —
זע, אָן דאָרטן פון דערווייטן —
ווי אַ חלום פון פאַרצייטן —
קומט די גאָלדנע צייט צורייטן
אַף די כוואַליעס פון אַ שוימנדיקן ביר! —
ביר, ביר, ביר,
הערסט, די גאולה קלאַפּט אין טיר? —
פּילזנער ביר, לאַגער ביר,
פּילזנער, הילזנער, פּראַגער ביר!
זיסער נאָך פון פלייט און פידל און קלאַוויר —
איז דער ליבער, זיסער ניגון,
וואָס טוט איצטער אונז פאַרוויגן
אין אַ הימליש־פאַרגעניגן —
ביר, ביר, ביר!
וואויל איז מיר און וואויל איז דיר,
אָן אַן ערך, אָן אַ שיעור!
אַך, דעם עיקר שיער פאַרגעסן —

# שפּיל און קאַמף

מ'עט נישט דאַרפן קויפן עסן! —
מיט אַ ביר פּאַר פינף גרייצער,
(אַז מע איז נאָר נישט קיין פּעטאַך!)
וועט מען דאָך אין שענקל קריגן
פרייען צוביים — שוואַרצן רעטאַך,
גרינע ציבלקעס מיט שווייצער
קעז, און הערינג, זויערן פּיקל,
און אַ שטיקל פּאָמפּערניקל,
און אַ נאַש פון דאָס, פון יענעם —
אַ באַנקעט פאַר פינף פּענעם! —
(אוי, געבענטשט זאָל זיין מיין טעמע,
פאַר מיין היינטיקער פּאָעמע!)

אָבער דאָ קומט די דילעמע,
קומט די שרעקלאַכע פּראָבלעמע:
וואו פאַרדינט מען היינט פינף פּענעס?
וואו דערטאַפּט מען היינט אַ ניקל? . . .



## ווען נישט חלילה ע ר!...

„ס׳האָט געקאָנט נאָך ערגער זיין.״
(פון הואווערס קאַמפּיין־רעדעס
אין די פּרעזידענט־וואַלן,
אין 1932.)

ווען ניט, חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער,
געוועזן וואָלט א שרעק, אַ שרעק! —
דער בער וואָלט ניט געהאַט קיין עק,
און ציגן וואָלטן זיין אָן בעק,
באַ שניידערייַ וואָלט זיין איצט סלעק,
אַזש פון קאַנאַרסי ביז וואַנקואווער —
ווען ניט, חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
הערבערט הואווער!

ווען ניט, חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
קיין פרוי וואָלט ניט געקינדלט,
קיין הון וואָלט ניט געהינדלט,
די זון וואָלט בלויז געשווינדלט,
— ניט געוואַרמט, ניט געשיינט,

## שפיל און קאמף

אַזוי ווי נעכטן, אַזוי היינט,
און קיין לבנה וואָלט ניט זיין,
אפילו אף מחדש זיין! —
ווען ניט, חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
הערבערט הואווער!

ווען ניט, חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
ווער וואָלט עס איצט געהאַט
„פּראָספּעריטי" צו זאַט ?
אַ „דזשאַב" פאַר קליין און גרויס?
אַ „פאָרד" באַ יעדן הויז?
„אַ הון אין יעדן טאָפּ ? "
און האָר אף יעדן קאָפּ?
(און אין מיין פּערז דעם טראָפּ?)
ווען ניט, חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
הערבערט הואווער!

ווען ניט, חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
געוועזן וואָלט אַ גרויל, אַ גרויל! —
באָטש שים אריין אַ קויל אין מויל ! —

## ווען ניט חלילה ער! . . .

ס'וואָלט אונזער אַקציעס־מאַרק
געבראָכן רוק־און־לענד און קאַרק;
סע וואָלטן טויזנט בענק געקראַכט,
ביליאָנען וואָלטן איבער נאַכט
צערונען — ניט פאַר אונז געדאַכט! —
ווי סע צערינט אין פייער — וואַקס,
ווי שניי אין תמוז, ווי וואַסער־„סטאַקס".
מע וואָלט געזוכט דורך סם און שטריק,
צי דורך אַ שפרונג פון ברוקלין בריק,
דעם וועג צום לעבן — אַף צוריק —
ווען ניט חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
הערבערט הואווער!

ווען ניט חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער, —
סע וואָלט געוועזן א גוואַלד, א גוואַלד! —
מע וואָלט געלעבט ווי אין אַ וואַלד,
מע וואָלט געשניטן אונזערע שכירות,
געוואָרפן מענטשן פון די דירות;
דער הונגער וואָלט געזעסן אויבנאָן,
געפּאָכעט מיט זיין שוואַרצער פאָן,
צום טאַקט פון אַכצן מיליאָן,
וואָס האָבן גאָרנישט וואָס צו טאָן,

## שפיל און קאמף

חוץ טרעמפּן איבער אונזער רייכן לאַנד,
פון ים־צו־ים, פון ראַנד־צו־ראַנד;
סע וואָלטן הונגער־מארשן שוואַרצן
אַלע וועגן וועלכע ציען זיך צום האַרצן
פון אונזער לאַנד — קיין וואַשינגטאָן —
אַך, פרעגט ניט, ס'וואָלט זיך עפּעס טאָן,
ווען ניט חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
הערבערט הואווער!

ווען ניט חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
אַן אומגליק וואָלט געשען!
מיר וואָלטן איצט געזען
צוויי הונדערט טויזנט קינדער
(און אפשר מער — געווים ניט מינדער!)
די האָפנונג פון די דורות,
פון פרייהייטס־בוים די פּירות,
אָן געטער און אָן תורות,
פאַרלאָזן מאַמעס, טאַטעס,
און אויסגעפּוצט אין שמאַטעס,
מיט הונגער־קראַמף אין מאָגן,
ווי היישעריק זיך טראָגן
אַריבער פעלד און פּריירים

## ווען ניט חלילה ער! . . .

און פרעסן בוים און בלעטער,
די פרוכט פון איצט און שפעטער,
די פרייד פון מענטש און געטער —
ווען ניט חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
הערבערט הואווער!

ווען ניט חלילה, ער,
דער גרויסער אינזשענער —
געוועזן וואָלט אַ שרעק, אַ שרעק!
דער בער וואָלט ניט געהאַט קיין עק,
און ציגן וואָלטן זיין אָן בעק,
ביי שניידעריי וואָלט זיין איצט פּלעק
אַזש פון קאַנאַרסי ביז וואַנקואווער.

— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

ווען ניט חלילה, הערבערט הואווער,
איך זאָג אייך אָפן בפרהסיה:
מיר וואָלטן נאָך געהאַט היינט אַ ד ע פ ר ע ס י ע!

נאָוועמבער, 1932

שפיל און קאמף

## דער קולטורעלער אייזל

(פאַבל)

געגאַנגען זיינען זאַלבענאַנד
צוויי אייזלען, אין צוויי וועגענער געשפּאַנט.
איין אייזל האָט
מיט לייכטן טראָט
געמאָסטן דעם שאָסיי,
ווייל זיין באַגאַזש געווען איז היי.
דער צווייטער האָט זיך שווער גערירט פון פלעק,
ווייל זיין געפּעק,
געוועזן איז אַ ביבליאָטעק.

פאַרטיפט אין אייזלשע געדאַנקען, האָבן זיך די צוויי
געשלעפּט די משא זייט־באַ־זייט,
און איינס צום צווייטן נישט גערעדט אַ לאַנגע צייט.
ביז איינמאָל, האָט דאָס אייזל פון דעם היי
געפּרוואווט פאַרפירן אַ געשפּרעך,
אַז אייזל פון די ביכער הירזשעט דאָס אַרויס מיט אַ געשריי:
— דו גראָבער חמור, זיי נישט פרעך!
ווער ביסטו, וואָס דו וואַגסט צו ריידן גאָר צו מיר,
דו חמור׳ניק, דו בור!
צי זעסטו דען נישט וואָס איך פיר?
דו שלעפּסט זיך מיט אַ וואָגן שטרוי,

## דער קולטורעלער אייזל

און איך — איך פיר אַ ביבליאָטעק!
איך בין אַ פירער פון קולטור!

— דו קאָכסט זיך גאָר אומזיסט,
קאָלעגע ליבער, —
געענטפערט האָט דאָס אייזל פון לייכט־וואָגיקן געפעק —
אומשטיינס געזאָגט, מיט וואָס דו נעמסט זיך איבער
און האַלטסט זיך פאַר אַ „פירער פון קולטור".
די בריקעסט, ברודערל, זיך געגן דער נאַטור!
אַן אייזל קאָן זיך שלעפּן מיט אַ גאַנצער ביבליאָטעק,
זיין אָנגעשטאָפּט מיט ביכער, ווי אַ ביכער־קאַמער,
אַ ה מ ו ר בלייבט אַ ה מ ו ר.



# די שוואַרצע בלאָנדינקע

(היסטערישער ראָמאַן)

## ארײַנפֿאָר:

פֿאַרשווינען פֿון אַלערלײ פּראָנטן,
פֿון אַלערלײ קלאַסן און שיכטן;
פֿאַרשווינען פֿון ווײַטן און נאָנטן,
וואָס לעכצן נאָך פֿײַנע געשיכטן;

נאָך מעשׂיות מיט העלדן טשיקאַווע
און העלדיכעס בלאָנד און בלאָ־אויגיק,
מיט בלוטן — ווי זודיקע לאַווע,
וואָס ליבן געוואַלדיק און אייביק.

און זײַנען דערצו נאָך נודיסטקעס,
ס'הייסט מיידלעך וואָס קליידן זיך נאַקעט
און טראָגן נאָר בלויז אַף די לענדן
פֿאַר סיגאַרעטס און „ליפּסטיק" — אַ פּאַקעט.

עס איז דער ראָמאַן פֿון ראָמאַנען,
מיר האָבן געפּאַקט אים אין יאַנעוו —
ער קאָסט אונדז צען־טויזנט דאָלאַרן
און ז'ווערט אַ מיליאָן — פֿאַר אַ גנבֿ.

## שפיל און קאמף

דער גרויסער ראָמאַן טראָגט דעם נאָמען:
„די בראָנזווילער שוואַרצע בלאָנדינקע" —
א מעשה מיט פינקע און כינקע,
וואָס זיינען אי רעכטע, אי לינקע.

אַז דאָ ווערט אַזש קנאַקן די ליבע,
פאַרשטייט שוין אַ לעזער אַ ליאַדע:
ווער רעדט שוין פון אונזערע לעזער —
זיי כאַפּן דעם ענין אַוואַדע.

הויך ליבע, ע'מיר האָבן סקאַנדאַלן,
סענסאַציעס — צו שעפּן מיט צעבער,
און מערדער און סתם קאַניבאַלן,
וואָס נעמען ביים לעזער די לעבער.

עס איז דער ראָמאַן פון ראָמאַנען,
איר'ט לעזן און גאַפּן און שטוינען:
איר'ט האָבן גוואַלדיק הנאה,
איר'ט לעזן און לאַכן און — וויינען.

פאַרגעסט־זשע נים מאָרגן, יאָ, מאָרגן,
צו זיין פון די ערשטע, די פלינקע,
און איידער איר לייגט זיך נאָך שלאָפן,
הויבט אָנעט „די שוואַרצע בלאָנדינקע!"

קאַפּיטל 1

## דער „ער" און די „זי"

דעם „ער" פֿון ראָמאַן רופֿט מען: פּינקע,
איטעדער אין טשײַניטאַון קאָן אים;
ער שטאַמט פֿון אַ כאָפּטע ציגײַנער,
וגם פֿון אַ ראָטע יעוואָנים.

די „זי" איז די שוואַרצע בלאָנדינקע,
געקנאָטן פֿון גאָלע רבנים;
איר נאָמען איז: רײזעלע כינקע
און שײן ווי דער טאָג איז איר פּנים.

וואָס ס'האָט זיך מיט פּינקע'ן און כינקע'ן
פֿאַרלאָפֿן אַף בערג און אין הײלן —
אָט וועלן מיר אונזערע לעזער
אין ווײטערע קאַפּיטלעך דערצײלן.

קאַפּיטל 2

## די פֿלאַמיקע ליבע

ווען פּינקע דערזען האָט כינקע'ן,
איז ער אַזש געוואָרן פֿאַרצאַפּלט;

ווען כינקע דערזען האָט פינקע'ן,
האָט זי פון גרוים ליבשאַפט — גע'מפּיל'ט.

פאַרשטייט שוין דער לעזער, אַז דאָ האָט
אַ מעכטיקע ליבע פאַרקניפּט זיך —
דאָס פּאָרל האָט איינס אין דעם צווייטן
אף אימער און עוויג פאַרליבט זיך.

וואָלט אַלעס געגאַנגען כשורה:
מען וואָלט זיך אַי קריגן, אַי ליבן;
פּאַסירט אָבער עפּעס, וואָס ווערט אין
די נעקסטע קאַפּיטלעך באַשריבן.

קאַפּיטל 3

## דער שרעקלעכער „עפּעס"

דער „עפּעס" פון לעצטן קאַפּיטל
געוועזן איז סטראַשנע, געפערלעך:
ס'האָט פינקע דער אָרימער כינקע'ן
באַהאַנדלט ניט עטיש, ניט ערלעך.

דו פינקע האָסט ליב אונזער כינקע'ן?
גאַנץ פיין! — דאַרפסט עס אסור באַהאַלטן;

מאָ שטעל־זשע אַ חוצפּה, דו ממזר! —
איז „נאָ סער״ ! ער מוז זי אַפּריער פאַרגוואַלטן !

פאַרגוואַלטן — דאָס איז אים נאָך ווינציק!
דער לומפּ האָט זי שיר ניט דערוואָרגן. . .
מיר וועלן אייך אָנהויבן דערציילן
די גרויסע געשעעניש — מאָרגן.

קאַפּיטל 4

## געליבט און געקידנעפּט

די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען,
באַגאָסן מיט גינגאָלד די געגנט,
מיט „מאָסקווער גאָלד״ וואָס האָט פּשוט
פון יענער זייט ים — ווי גערעגנט.

די לבנה איז אויך וואו פאַרשוואונדן,
ניט איבערגעלאָזן קיין קאַרטל,
ווען ער האָט געפירט אַף א „פּאָרדל״
זיין קרבן אין כינעזישן קוואַרטל.

עס כריפּעט דאָס „פּאָרדל״ און כריפּעט,
דאָס מיידל — זי ברעכט שיר צוזאַמען !
זי בעט זיך, זי וויינט און זי כליפּעט :
„אוי, נעם מיך אַהיים צו מיין מאַמען ! ״

## שפיל און קאמף

עס רירט ניט דעם מערדער איר וויינען,
ער קוקט אף איר פונקט ווי אַ קאַטער
קוקט אף א קראַנקן קאַנאַריק:
באַשירעם זי, האַרציקער פאָטער!

„דו הולטאַי, וואו שלעפּסטו דיין קרבן?!
ביזט ד׳ערט אַז מע זאָל דיך דערשיסן!"
איז לאַכט ער: „אָט כאַפּ איך און זאָג אייך
איר זאָלט פּאָליציי לאָזן וויסן!"

אַזאַ מין באַנדיט, אַזאַ היצל,
איז זעלטן אין ערגעץ צו טרעפן!
די שוואַרצע בלאָנדינקע — דאָס איז דאָך
די בראָנזווילער אידישע גרעפין! . . .

מערזאַוויעץ, וואו שלעפּסטו די גרעפין?
ער זאָגט ניט כאָטש האַק אים און בראָק אים!
דאָך ווייסן מיר שוין, אַז ער שלעפּט זי
אַהין! . . . אין דעם ריכטיקן מקום. . .

דעם מקום אף ריכטיק באַשרייבן —
דאָס וועט די צענזור ניט דערלויבן;
און מאַמעס פון טעכטער — זיי וואָלטן
אין רעדאַקציע געבראָכן די שויבן. . .

דאָך וועלן מיר, טייערע לעזער,
דעם עיקר פון אייך ניט פאַרבאָרגן:
מיר'ן שילדערן די אָרגיעס, די סצענעס —
פאַרפעלט ניט די פאָרזעצונג מאָרגן.

קאַפּיטל 5

## דאָס וואוילע „ערטל"

אין טשאַינטאַון, אונטער אַ לאַונדרי,
געפינט זיך דאָס ריכטיקע „ערטל" —
דאָרט קוילעט מען מענטשן, ווי לעמער,
און מ'טרינקט זייער בלוט מיט אַ קווערטל...

צום „ערטל" דעם וועג וויים נאָר איינער,
לי טשאַנג טשונג דער אַלטער כינעזער;
איר ברייננגט אים סמנים: אַ באַק־צאָן,
אַן אויסגעהאַקט אויג און צוויי נעזער.

ער עפנט אַ סקליעפ דאַן און לאָזט אייך
אַראָפּ מיט אַ שטריקענעם לייטער
אַף אייזערנע טרעפּלעך, וואָס ווערן
וואָס טיפער — געדרייטער און ברייטער.

# שפּיל און קאַמף

אַ וואַך שטייט אַף יעדע צען איילן:
אַ ריז מיט אַ לאָמפּ אַפן שטערן,
פון פאָרנט צוויי „בערטאַ" קאַנאָנען,
בא די זייטן — זעקס טויך רעוואָלווערן.

איר גייט און איר גייט און איר גייט,
ביז איר קומט צו אַ מאַרמאָרנעם טויער.
אַ שילד: „פּאַראַדיז אונטערוועלטאַ"
ברענט ליכטיק און שאַרף אַפן טויער.

דריי קלעפּ מיט אַ האַלב אין דעם טויער —
עס ווערט דאָ קיין סך ניט געטענה'ט —
און ס'עפנט אַ שטאָלענער עקדעש
זיין פּיסק און גיט אייך אַ שלונג איינעט

און שפּייט אייך אַרויס אין גאַרדעראָבע,
דאָ „טשעקט" אייך אַ גרעפין די בגדים.
(עס טאָר אַף דעם גאַסט'ס אַנאַטאָמיע
ניט בלייבן קיין איינציקער פאָדים.)

און איז שוין דער גאַסט אַ „געטשעקטער"
אַזוי ווי'ן בראשית דאָרט, אדם,
שפּרינגט אונטער אַ נאקעטע פּרינצעסין
צום גאַסט און זי נעמט אין אַ באָד אים.

אין באָד ווערט דער גאַסט פון נודיסטקעס
געריבן, געקנייפּט און געקנאָטן,
מיט אולטראַ וויאָלעטישע שטראַלן
געוואַרעמט, געבאַקט און געבראָטן.
צום טאַקט פון אַ גרויסן אָרקעסטער,
מיט נימפישע פּיסלאַך געטראָטן.

עס שאַלט און עס קנאַלט דער אָרקעסטער,
ביז ס׳ווערן די סטרונעס צעריסן:
און ווי ס׳עולם-הזה׳ן די געסט דאָרט,
דאָס וועט איר זיך מאָרגן דערוויסן.

קאַפּיטל 6

## דער גן-עדן התחתון

פון באָד ווערט דער אורח געבראַכט אין
דעם „זאַל פון די זיבעציק זיגלען״:
די ווענט, דער סופית, די פּאַדלאָגע —
זיי זיינען געמאַכט דאָ פון שפּיגלען.

דאָ שימערט און גלימערט און בליצלט,
ווי אין אַן איטאַליענישער כאָגע —

## שפּיל און קאַמף

כּאָנטאַנען מיט ביר און מיט בראַנפן
עם שלאָגן אַרויס פון פּאָדלאָגע.

און וואו נאָר איר קערט זיך: בופעטן
מיט רעטעך און הערינג געריכטן
אַף אונטערצוּלענען די הערצלעך,
פון אונטערוועלט׳ס אונטערשטע שיכטן.

איר זעט דאָ ווי מערדער און רויבער,
מיט מעסער פאַרשטעקט אין כאָליאַוועס,
באַפאַלן אומשולדיקע — טישן,
געדעקטע מיט „פּרי־לאַנטש" פּאַטראַוועס.
אַ פרעס און אַ זויף און אַ שלונג
און פאַרבייסן מיט נאַקעטע כאַוועס.

אין טונקל־באַלויכטענעם טאַנץ־זאַל,
אַף רעכט־צו, אַרונטער אייִן טרעפּל,
עס טאַנצן גענגסטריצעס מיט גענגסטערס,
געקליידט בלויז אין אָפּיום־נעפּל.

אין „טערקישן ווינקל" — דאָ ליגן
אַף ווייכע טאַפּעטן גאָרילעס
מיט בת מלכּה׳ס אַזש פון מצרים
און. . . ציען דעם רויך פון נאַרגילעס.

אַרויף־צו־צו, אויבן, געפינט איר
די „פּני" פון דער „פיינער" משפּחה;
דאָ ווערן פּרינצעסינס און גרעפינס
געשענדט און פאַרצוקט אָן א ברכה.

אַהער האָט עס פּינקע׳לע ממזר
געפירט אונזער בראָנזווילער גרעפין!
און וואָס ס׳וואָלט מיט איר זיך געטראָפן —
זאָל קיין אידישער טאָכטער ניט טרעפן!

נאָר דאָ האָט פּאַסירט אַ גרויס וואונדער,
א נס וואָס איז פּשוט צום שטוינען!
פאַרפעלט ניט די פאָרזעצונג מאָרגן —
איר וועט פון גרויס שמחה אַזש וויינען.

קאַפּיטל 7

## א פינגער פון גאָט

באַשרייבן דעם וואונדער, דעם גרויסן,
פּאָדראָבנע, מיט אַלערליי פּרטים,
איז ניט פאַר מיין כח — עס וועט מיר,
כ׳בין זיכער, נישט קלעקן קיין אָטעם.

## שפיל און קאמף

ווען ס'וואָלטן די ים'ען זיין טינט און
די וועלדער די ריזיקע — פענעס,
וואָלט אַלץ ניט געווען גאָר מעגלעך
באַשרייבן, וואָס דאָרטן געשען איז.

די רעטונג געקומען איז פּלוצלינג,
מיט שנעלקייט פון ווילדע מחשבות:
ניט אַנדערש עס האָבן פּאָר כינקע'ן
אין הימל געמיט זיך זכות אָבות.

אַ פינגער פון גאָט — ס'איז גאָר פּשוט —
עס קלינגט ווי וואָרע לעגענדע,
וואָס האָט אונזער סטראַשנע געשיכטע
געבראַכט צו אַ גליקלעכער ענדע.

פּאַסירט האָט דער וואונדער אזוי־נאָך:
ניט ווייט פון די היילן־פּאַלאַצן,
דאַרף פּלוצלינג אַ פּאָדערשטע רעדל
פון „פּאָרד", זיך פאַרגלוסטן צו פּלאַצן!

קומט אונטער אַ טראַפּיק־פּאָליצמאַן
אַזוי־זיך, מיט טריט מיט פּאַראַדנע.
דערהערט ער דאָס כליפּן פון מיידל,
פאַרשטייט ער דאָ ז'עפּעס ניט סקלאַדנע. . .

ער נעמט באַלד רב פּינקע'ן צום צימבל:
וואוהין און פון ,וואו ער טוט רייזן?
און שטעכט אים אַדורך מיט די בליקן
און הייסט זיך די „לייסענס" באַווייזן.

וואו „לייסענס", ווער „לייסענס"? —
דעם „פאָרדל" האָט פּינקע במחילה גע'גנב'עט!
און ס'וואָלט שוין דער שטרענגער פּאָליצמאַן
דעם קידנעפּער אסור געשאַנ'וועט.

נאָר דאָ עמיר אונזערע לעזער
צום טויזנטסטן מאָל שוין באַווייזן
דעם אמת פון כלל: אַז די ליבע —
די ליבע איז שטאַרקער פון אייזן!

קאַפּיטל 8

## „ליובאָוו ניע קאַרטאָשקאַ"

ווען כינקע דערזעען האָט פּינקע'ן
פּריטשמעליעט, צעשראָקן, פאַרצאַפּלט,
האָט זי פון גרויס מיטלייד און ליבע
אַ צווייטן מאָל שיר ניט גע'מפּיל'ט!

זי האָט אַף דער גיך פון די זאָקן
צוויי פינפּערלעך נייע געצויגן,
וואָס האָבן דעם בראַוון פּאַליצמאַן
פאַרמאַכט אי דאָס מויל, אי די אויגן. . .

דערזען אַזאַ ליבע, האָט פינקע
שיר־שיר ניט געבראָכן צוזאַמען:
ער'ט גלייך זיך פאַרקירעוועט קיין בראָנזוויל
און כינקע'ן געבראַכט צו איר מאַמע'ן.

עס האָט אים זיין ליבע צו כינקע'ן
געגעבן אַזאַ מין קאַלופּע
באַם הארצן, אַז ער איז אַף מאָרגן
געגאַנגען מיט איר צו דער חופּה.

קאַפּיטל 9

## די גליקלעכע ענדע

אין בראָנזוויל איז דאָ אַ בעל תשובה,
וואָס האַלט אין איין „זאָגן" און וואַשן
די הענט זיך (די הענט, וואָס ער פלעגט
אַמאָל שטופן אין ווילד־פרעמדע טאַשן).

## די שוואַרצע בלאָנדינקע

אַ אידישע באָרד מיט צוויי פּאות,
באַצירן זיין כשר'ן פּנים,
קריכט זעלטן אַרויס פון זיין טלית
און חבר'ט זיך נאָר מיט רבנים.

דער דאָזיקער גרויסער בעל־תשובה,
הגאון ר' פּנחס ברב נח,
איז איצטער אַ רב און א פירער
אין שול פון די „אנשי רצוח".

— — — — — — — — — — — — — —

אַזוי האָט אַ אידישע גרעפין,
געמאַכט פון אַ גענגסטער א מענטשן,
און מאַמעס פון ניו־לאָטס און בראָנזוויל,
זיי טוען מיט אים זיך היינט בענטשן.

מערץ, 1937



# אינהאַלט:



## פון סערניק
## באַלאַדעס וועגן זיך אַליין



## דער פאַרגעסענער מענטש



## חורבן אשכנז

# אינהאַלט:

(פאָרזעצונג)

●

**שפּיל און קאַמף**



**עלעגיעס**

# אינהאַלט:

(פאָרזעצונג)

•

## מיניאַטורן



## פון דעם לעבן פון די טויטע



## ליריש און סאַטיריש